נחמן מייזיל

# יידישע טעמאַטיק
# און יידישע מעלאָדיעס
# ביי באַוואוסטע מוזיקער

נחמן מייזיל

# יידישע טעמאַטיק און יידישע מעלאָדיעס ביי באַוואוסטע מוזיקער

(נאָטיצן און מאַטעריאַלן)




ניו־יאָרק,

# אינהאַלט

# צו די לייענער

אין דעם ביכל קומען אַריין די אַרטיקלען „יידישע טעמאַטיק און יידישע מעלאָדיעס ביי באַרימטע קאָמפּאָזיטאָרן", וואָס זיינען געדרוקט געווען אינעם זשורנאַל „יידישע קולטור" אין די נ"נ 2, 4, 5 (פעברואַר, אַפּריל און מאַי), 1952. די אַרטיקלען האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אינטערעס ביי מוזיקער און ביי געוויינלעכע לייענער. דאָ און דאָרטן קומען איצט צוגאָבן, דערגאַנצונגען, ווי אויך איז לסוף געבראַכט אַ גרעסערע רשימה פון דערשיינענע יידישע לידער־זאַמלונגען און ביכער וועגן מוזיק.

זאָל זיך דער לייענער נישט חידושן, וואָס נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער מוזיקער און נישט קיין מוזיקאָלאָג האָט זיך גענומען צו שרייבן אויף מוזיקאַלישע טעמעס און וועגן מוזיק־פּראָבלעמען. אמת, איך בין נישט קיין מוזיקער און נישט קיין זון פון אַ מוזיקער, אָבער איך האָב אַ אינטערעס פאַר מוזיק און — אַ גאָר באַזונדערע ליבע צו יידישער נגינה. און טאַקע דערפאַר פאַרדריסט, וואָס נישט געקוקט אויף דעם, וואָס יידישע מוזיק פאַרנעמט אַזאַ גרויסן אָרט אינעם עפנטלעכן יידישן לעבן און מיר פאַרמאָגן צענדליקער יידישע כאָרן מיט צענדליקער דיריגענטן און טויזנטער זינגער, — דאָך ווערט געשענקט ביי אונדז ווייניק אויפמערקזאַמקייט אָט דעם רייכן, אָבער שטאַרק־פאַרוואָרלאָזטן געביט. עס זיינען פאַנאַנדערגעוואָרפן מוזיק־אוצרות און מוזיק־מאַטעריאַלן, וואָס ווערן נישט געזאַמלט, ווערן נישט סיסטעמאַטיזירט און ווערן נישט ווי געהעריק באַאַרבעט. און באַזונדערס אין דער יידישער שפּראַך האָבן מיר ווייניק ווערק, אָפּהאַנדלונגען און פאָרש־אַרבעטן איבער מוזיק,

וואָס וואָלט די אַלע דיריגענטן, זינגער און מוזיק־ליבהאָבער פיל אַרויסגעהאָלפן אין זייער אַרבעט, אין זייער אויפנעמען און פאַר־שטיין יידישע מוזיק.

די יידישע מוזיק האָט געמאַכט געוואַלדיקן פאָרשריט. עס זיינען געשאַפן געוואָרן און ס'ווערן געשאַפן וויכטיקע מוזיקאַ־לישע ווערק אין די פאַרשיידנסטע פאָרמען. יידישע מוזיק ווערט געשפּילט דורך גרויסע סימפאָנישע אָרקעסטערס, אויף וויכטיקע ראַדיאָ־סטאַנציעס און ווערט אַרויסגעבראַכט פון גרויסע זינגער דורך אָנגעזעענע רעקאָרד־קאָמפּאַניעס.

און דאָך זיינען מיר מיט אונדזער יידישער מוזיק שטאַרק הינטערשטעליק. און גאָר שלעכט האַלטן מיר מיט דער יידישער מוזיק־פאָרשונג אין דער יידישער שפּראַך. ווערק וועגן דער געשיכטע פון יידישער מוזיק, וועגן איר גאַנג און אַנטוויקלונג זיינען נישט בנמצא ביי אונדז.

ס'איז צייט אַריינצוברענגען מער באַלעבאַטישקייט און אָר־דענונג אין אָט דעם געביט, דעם געביט, וואָס האָט געקאָנט רעדן, צוליב דער אוניווערסאַלקייט פון זיין שפּראַך, און גלייך אַפּע־לירן צו אונדזער יוגנט און צו די יידיש־אַמעריקאַנער קרייזן, פאַר וועלכע דאָס יידישע שאַפן אין יידיש (ליטעראַטור און טע־אַטער) איז פרעמד און ווייט. דורך יידישער מוזיק וואָלטן מיר געקאָנט צוציען צענער און צענער טויזנטער יידישע מענטשן, וואָס געפינען זיך מחוץ דעם יידישן שאַפן, צו יידישער קולטור.

ביים זאַמלען דעם מאַטעריאַל, וואָס ווערט דאָ געבראַכט, און ביים שטעלן די פראַגן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט מוזיק און יידישער מוזיק, האָב איך זיך ניט געהאַלטן ביי די לכתחילה־אָנגעצייכנטע ראַמען. איך האָב זיך געלאָזט מיטרייסן מיטן גאַנג פון דער אַרבעט און בין אָפט אַרויס פון די געשטעלטע גרענעצן, פון דער אייגנטלעכער טעמע פון דער אָפּהאַנדלונג.

איך האָב זיך באַמיט נישט צו זיין קיין מבינות־זאָגער און אַוודאי נישט — צו זיין אַ פּוסק, הגם אָפט האָט זיך געוואָלט זאָגן אַ מיינונג. מיר האָט זיך בעיקר געוואָלט צוציען די אויפ־מערקזאַמקייט פון פּראָפעסיאָנאַלן און מוזיק־ליבהאָבער, אָנרעגן

זיי צו די פּראָבלעמען, וואָס עס שטייען פאַר דער יידישער מוזיק און וואָס איז נויטיק צו לייזן. דאָס וועט העלפן דעם ווייטער־דיקן וואוקס און פאַרשפרייטונג פון דער עכטער יידישער מוזיק, וואָס דאַרף און קאָן פאַרנעמען אַ וויכטיקערן אָרט אינעם יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

איך באַדאַרף נאָך צוגעבן, אַז אין קיין פאַל פּרעטענדיר איך נישט אויסצושעפּן די טעמעס און לייזן די פּראָבלעמען, וואָס ווערן אין מיין איצטיקער קורצער אַרבעט באַרירט און באַהאַנדלט. איך האָב זיכער אַדורכגעלאָזט געגוג מוזיקער און מוזיקאַלישע שאַפונגען, וואָס וואָלטן געקאָנט דערמאָנט ווערן. אדרבא, זאָלן קומען די באַרופענע יידישע מוזיקער און מוזיקאָלאָגן און פאַרזעצן ווייטער די זאַמל־און פאָרש־אַרבעטן אויף דעם פאַרוואָרלאָזטן יידיש־מוזיקאַלישן געביט.

און אַז עס פאָדערט זיך און אַז ס׳איז דורכאויס נויטיק אַ גוטע און ערנסטע געפּלאַנירטע און סיסטעמאַטישע אַרבעט אויף דעם פעלד פון יידישער פאָלקס און מאָדערנער מוזיק — וועגן דעם זענען נישטאָ קיין חילוקי־דעות. מיר מוזן אויך איינשטעלן אַן ענגע פאַרבינדונג און אַ קעגנזייטיקע פאַרשטענדעניש מיט די מוזיקאַלישע שאַפער אין ישראל, וואָס קאָן ברענגען נוצן סיי זיך און סיי אונדז. און — וואָס ס׳איז אפשר נאָך שווערער — אַ פאַרבינדונג און קאָנטאַקט צווישן די פאַרשיידענע יידישע מוזיקער דאָ אין אַמעריקע גופא.

איך האַלט פאַר נויטיק צו באַדאַנקען דעם פאַסעיקער איקוף, ווי אויך אַ פּאָר נאָענטע חברים אין ניו־יאָרק, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט, אַז די אַרטיקלען איבער מוזיק, זאָלן קאָנען דערשיינען אין אַ באַזונדער ביכל.

נחמן מייזיל

יוני, 1952

1.

## דאָס פּראָבלעם — יידישע מוזיק

יידישע טעמאַטיק און יידישע מעלאָדיעס — ניט אַלעמאָל גייט עס איינאײנעם אין די פאַרשיידענע מוזיקאַלישע שאַפונגען פון יידן־מוזיקער, וועלט־מוזיקער און יידישע מוזיקער. גאַנץ אָפט קומט יידישע טעמאַטיק, יידישער (ביבלישער אַריינגערעכנט) סיוזשעט, יידישער (ביבלישער, בעיקר — פון תהלים) טעקסט אָן יידישע מעלאָדיעס, אַזוי אויך האָבן מיר נישט זעלטן יידישע מעלאָדיעס, יידישע מאָטיוון מחוץ און אויסער יידישער, ספּעציעל־יידישער טעמאַטיק. בלויז אין גליקלעכע, געבענטשטע פאַלן האָבן מיר אין מוזיקאַלישע שאַפונגען יידישן אינהאַלט, יידישע טעמאַטיק מיט אמת־יידישע מעלאָדיעס, מיט עכט־יידישע מאָטיוון. און דאַן ווערן געשאַפן אמת־יידישע מוזיקאַלישע ווערק, וואָס באַרייכערן די יידישע מוזיק־אוצרות און וואָס פאַרבלייבן אינעם אייזערנעם פאָנד פון אונדזער יידישער מוזיקאַלישער קולטור.

יידישע מעלאָדיעס, יידישע מאָטיוון.

גלייך ביים אָנהייב בלייבן מיר שטיין. מיר שטויסן זיך אָן אויף שוועריקייטן ביים כאַראַקטעריזירן און פאַרמולירן דעם אמתן מהות און באַטייט פון יידישע מעלאָדיעס, פון יידישע מאָטיוון. עס גייט דאָך אָן זינט צענדליקער יאָרן אין דער מוזיקאַלישער יידישער וועלט אַ העפטיקער קאַמף אַרום דעם אמתן יסוד און מהות פון יידישער פאָלקס־מוזיק און מוזיק. ס׳איז שוין געשאַפן געוואָרן אַ גאַנץ־רייכע ליטעראַטור וועגן דעם פּראָבלעם — וואָס איז אַזוינס יידישע מוזיק, אויף וועלכע יסודות זי דאַרף זיך בויען און פון וועלכע עלעמענטן זי באַדאַרף באַשטיין. אין דעם לאַנג־דויערנדיקן וויכוח האָבן זיך באַטייליקט און עס באַטייליקן זיך עד־היום די אָנגעזעענע יידישע מוזיקער און מוזיקאָלאָגן. וואָס פאַר איינע איז עס עכטע, ריינע יידישע מוזיק, איז פאַר

די אַנדערע — נאָכגעמאַכטע, איבערגעכאַפּטע „גויאישע" מוזיק. געגנוג זיך צו דערמאָנען אָן דער שאַרפער פּאָלעמיק, וואָס ס'האָט זיך אַנומלטן געפירט דורך די גרונטלייגער און פּיאָנערן פון דער מאָדערנער יידישוועלטלעכער מוזיק יואל ענגעל (1927־1868) און לאזאר סאַמינסקי (געב. 1882—). און אַלע מאָל ווערט אָטדער העפטיקער קאַמף באַנייט ביי יעדן נייעם פּרוּוו אָדער פאַרמעסט פון יידן־מוזיקער און יידישע מוזיקער (עס איז דאָ, פאַרשטייט זיך, אַ טיפער אונטערשייד צווישן די צוויי באַגריפן) אַרויסצוקומען מיט אַ נײַ מוזיקאַליש ווערק, וואָס גייט אַרויס פון די ראַמען און גייט אַריבער די גרענעצן פון יידישע אָדער פון יידישלעכע טראַדיציאָנעלע מאָטיוון און מעלאָדיעס.

וועגן אָט דעם קאַמף האָט ל. סאַסינסקי („ליטעראַרישע בלעטער", 1925, נומ' 61) געשריבן:

„... די לעצטע צוויי יאָרצענדליקן זיינען געווען פול מיט קאָכעדיקער אַרבעט אויף פאַרשרייבן יידישע פאָלקס־לידער און אויף זייער באַאַרבעטונג. ס'איז געגאַנגען אַן עקשנותדיק זוכן פון יידישן מוזיקאַלישן סטיל, ס'איז פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן די אָנהענגער פון דעם „יידישיסטישן" און „העברייאיסטישן" יסוד אין דער יידישער מוזיק (דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות דערמאָנט זיך מיט גרויס באַפרידיקונג זיינע קאַמפן מיט יואל ענגעל אין דער פּרעסע און אויף פאַרזאַמלונגען), און אין רעזולטאַט פון אָט דער אַרבעט האָבן זיך אָנגעצייכנט די הויפּט־ליניעס פון דער צוקונפטיקער יידישער מוזיקאַלישער געשיכטע, נאַציאָנאַל־עסטעטישע אויפגאַבן, פאַר וועלכע עס שטייט דער יידישער קאָמפּאָזיטאָר, און אויך די אידייע גופא פון יידישער קאָמפּאָזיציע האָט באַקומען אַ פיל מער באַזיבונג ווי ווען עס איז פריער".

און ווייטער שרייבט ל. סאַמינסקי: „די היינטצייטיקע יידישע קאָמפּאָזיטאָרן קאָן מען פאַנאַנדערטיילן אויף צוויי שאַפנדיקע טיפּן — אויף מזרחדיקן און מערבדיקן. אַזעלכע קאָמפּאָזיטאָרן ווי גנעסין, מילנער,

אכראַן, ראַזאָווסקי אין רוסלאַנד, ווי ערנעסט בלאָך — אין אַמעריקע, זיינען אמתע קינדער פון מזרח־יידישע מאַסן. זיי זיינען אויפגעהאָדעוועט געוואָרן דורך זייער גלויבן און מנהגים, דורך זייערע ניגונים און מעלאָ־דישן געשמאַק. די הונדערטער באַאַרבעטונגען פון די יידישע פאָלקס־לידער און די נייע קאָמפּאָזיציעס, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן דורך די אויבנדערמאָנטע קינסטלער, זייערע זוכענישן און קאַמף האָט באַשאַפן אַן אמתן פונדאַמענט פאַר יידישער מוזיקאַלישער קול־טור אָדער ריכטיקער — פאַר דער אויפלעבונג פון אונדזער גרויסער פאַרצייטיקער מוזיקאַלישער קול־טור . . . די פאָרשטייער פון מערב־אייראָפּיאישער קאָמפּאָזיטאָרן־גרופּע — באַרימט זיינען שענבערג און מילאָ אין אייראָפּע און יאַקאָבי, גרינבערג און אָרנשטיין אין אַמעריקע — זיינען קינדער פון דעם אַסימילירטן מערב־יידנטום. זיי אַלע — „מאָדערניסטן", פאַרקעמ־פער פאַר ראַדיקאַלע ריכטונגען אין דער היינטצייטי־קער מוזיק — ווייסן נישט, אָדער ווילן נישט וויסן די אַלטע לידער פון זייער פאָלק. און דאָך — ביי שענ־בערגן געפינען מיר די זעלבע טיפּיש־יידישע שטריכן, וואָס ביי מענדעלסאָן, מעיערבער, רובינשטיין, — ער שפּילט די זעלבע כאַראַקטעריסטיש־יידישע ראָלע, וואָס זיי, — די ראָלע פונעם פאַנאַטישן פאַרשפּרייטער פון די געפילן און אידייען פון זיינע קריסטלעכע שכנים. דער עקשנותדיקער און עקזאַלטירטער ראַדיקאַליזם פון שענבערגן איז אַ פּראָדוקט פון דעם ריין־יידישן, היס־טאָרישן פאַנאַטיזם אין פראַגן פון קינסטלערישן גלויבן, ווי דער עקשנותדיקער קלאַסיציזם פון מענדעלסאָן".

מיט אַ פּאָר חדשים צוריק זיינען מיר געווען דאָ, ביי אונדז, עדות פון אַזאַ מין שטרייט מיט גאַנץ־שאַרפע חילוקי־דעות אַרום דער פּרעכטיקער אויפפירונג פון דער „דיבוק"־אָפּערע פון דוד טעמקין אינעם ניו־יאָר־קער שטאַטישן אָפּערע־טעאַטער. און אַ שאַד, וואָס די באַקאַנטע יידישע מוזיקער און מוזיקאָלאָגן האָבן זיך נישט באַטייליקט ברייטער און טיפער אין אָט־דעם

וויכוח וועגן דעם מהות, וועגן דעם וועזן פון יידי־
שער מוזיק.

עס דערגייען צו אונדז פון צייט צו צייט אַרטיק־
לען, אָפּהאַנדלונגען מיט ערנסטע טענות און פּאַרוואורפן
אויפן אַדרעס פון די יידן־מוזיקער און יידישע מוזיקער
אין ישראל, הלמאי זיי שעפּן אינהאַלט און פאָרם פון
פרעמדע קוואַלן־קוועלן. מיר הערן אויך (אמת, גאַנץ־
זעלטן) טענות, פאַרוואָס זיי מיידן אויס אין זייערע שאַ־
פונגען עלעמענטן פון דער אַנגענומענער, טראַדיציאָ־
נעלער יידישער פאָלקס־חסידישער־און חזנים־קלעזמע־
רישער מוזיק און באַנוצן זיך מיט די אַראַבישע מאָ־
טיוון און מעלאָדיעס, — וואָס זיי גיבן אַרויס פאַר עכט־
יידישע. אין דעם אומפאַרשטענדלעכן, אומנאַטירלעכן
דראַנג צו באַפרייען זיך וואָס־שנעלער און וואָס־האָס־
טיקער פון דעם „גלות״, טרייסלט מען זיך אָפּ פון אַלדי
יידישע פאָלקס־געזאַנגען, פאָלקס־לידער, כלערליי יידי־
שע ניגונים מיט די אַלע טאַקטן, קנייטשן, אין וועלכע
יידישע פאָלקס־מאַסן האָבן אַריינגעלייגט נשמה, קרעכץ,
לייד און פרייד אין לויף פון הונדערטער יאָרן. און
ס'איז דערביי אינטערעסאַנט, אַז די פאַרשיידענע יידישע
מוזיקער, וואָס לעבן און שאַפן אין ישראל אַ לענגערע
צייט, געפינען זיך אַלץ אין אַ גרויסער מאָס אונטערן
איינפלוס פון די מוזיקער פון יענע לענדער, פון וואַ־
נעט זיי זיינען געקומען. און אַנדערש זיינען, פאַר־
שטייט זיך, די יידישע מוזיקאַלישע שאַפונגען פון די
יידישע אַדער יידן־מוזיקער, וואָס קומען פון רוסישע,
דייטשישע, פראַנצויזישע, אַמעריקאַנישע, אַדער אי־
טאַליענישע „שולעס״. ס'איז גאַרנישט אַזוי לייכט אָפּ־
צוזאָגן זיך פון אַלדי השפעות און גלייך נעמען שאַפן
„על טהרת ישראל״, ובפרט, אַז מען האַלט נאָך מיט
דעם ישראל־יסוד און ישראל־עלעמענט נאָך גאָר פון
פאַרנט, אָבער שוין מיט אַ גאַנץ שעדלעכן און דער־
עסענעם „שטאַמפּ״, וועלכן מ'וויל אָננעמען פאַר כולו
קדוש, פאַר דורכאויס אייגענעם יידישן סטיל און איי־
גענעם יידישן נוסח.

אין אַן אַרטיקל „מוזיקאַלישע נאָטיצן" (אין „על המשמר", אַפּריל 1952) שרײַבט צווישן אַנדערן די מוזיק־קריטיקערין אוליה זילבערמאַן אין שייכות מיט דעם שפּילן פון גוסטאַוו מאַהלערס פערטע סימפאָניע:

„געגנוג מאָדנע איז דער אויסזען פון אונדזער מוזיקאַ־לישן לעבן. דווקא אין עסטרײַך און זאַלצבורג קומען פאָר דעם זומער פּייערונגען אין אָנדענק פון אַרנאָלד שענבערג און אין עדינבורג, סקאָטלאַנד, פּייערט מען אַן אַנדערן ייִדישן קאָמפּאָזיטאָר, ערנעסט בלאָכן און מען שפּילט צום ערשטן מאָל זײַנס אַ ניי ווערק. און מיט די ווערק פון גוסטאַוו מאַהלער פאַרנעמען זיך זײַנע פאַרערער, די דיריגענטן ברונאָ וואַלטער, לעאָנאַרד בערנשטיין און דמ. מיטראָפּאָליוס אין די פאַראייניקטע שטאַטן... אָבער דאָ ביי אונדז, אין דער מדינת ישראל, יאָגן מיר זיך נאָך אויסלענדישע דיריגענטן און סאָ־ליסטן, ווען אַפילו זיי שטייען נידעריקער פון די היגע קינסטלער. דאַקעגן פאַרנעמען מיר זיך נישט מיט קיין ייִדישן גלות־קאָמפּאָזיטאָר, מחמת נאַציאָנאַלער ליבע און פליכט, נישט מיט ערנעסט בלאָך, אַרנאָלד שענ־בערג, גוסטאַוו מאַהלער און דאַריוס מילאָ — אָט די „פיר גרויסע", און אַוודאי נישט מיט די ווייניקער־גרויסע, ווי אַכראָן, קאָפּלאַנד, לוקאס פאָס, לעאָנאַרד בערנשטיין און אַנדערע. עס פילט זיך שטאַרק אין אונדזער מוזיקאַלישן לעבן, אַז ס'איז נישטאָ קיין קאָנ־טאַקט און פאַרבינדונג צווישן אונדז מיט די ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרן אין גלות..."

דאָ אין אונדזער ייִדישער אַמעריקע זײַנען מיר געבענטשט מיט אַ גרעסערער צאָל טאַלענטפולע און באַגאַבטע מוזיקער, מיט פיל ייִדישע מוזיקער־דירי־גענטן, מיט צענדליקער ייִדישע כאָרן, אָבער די קללה פון צעריסנקייט, איזאָלירטקייט הענגט אויך אויף דעם געביט פון ייִדישער קולטור. מיר האָבן אַ סך מוזי־קער, אָבער די ייִדישע מוזיק האָט דאָ נישט קיין מזל ברכה. נישטאָ קיין פאָסיקע סביבה, קיין געהעריקע באַ־דינגונגען, ס'זאָלן אויסוואַקסן מוזיקאַלישע שאַפונגען.

ס'פעלט אַ פאַראייניקטער יידישער מוזיק־פראָנט, וואָס זאָל געבן די מעגלעכקייט צו פאַרמעסטן זיך אויף גרע־סערע יידישע מוזיקאַלישע אויפטוען.

צוליב דער פאַרברעכערישער צעריסנקייט און צע־שפליטערקייט, וואָס עס הערשט ביי אונדז, האָבן מיר נישט קיין יידישע מוזיקאַלישע צייטשריפט פאַר ערנ־סטע מוזיק־פּראָבלעמען. און אפילו וועגן די מוזיק־ווערק, וואָס זיינען דאָ און דאָרטן דערשינען, ווייסן מיר זייער ווייניק.

צו די יידיש־לייענער זיינען בכלל נישט דערגאַנגען פאַרשיידענע ווערק איבער יידישער מוזיק. לאָמיר דער־מאָנען בלויז אייניקע פון זיי: פריער פון אַלץ — דאָס קאַפּיטאַלע ווערק פון דעם אַנגעזעענעם, פרי־פאַר־שטאָרבענעם מוזיק־פאָרשער אברהם צבי אידעלסאָן (1882־1935) „די געשיכטע פון יידישער מוזיק", דער־שינען אין העברייאיש און ענגליש, און זיין 10־בענ־דיק ווערק אין העברייאיש „אוצר נגינות ישראל". מ'דאַרף אויך דערמאָנען די ווערק (אין דייטש): היינריך בערל — „דאָס יידנטום אין דער מוזיק" (בער־לין, 1926, 242 ז"ז); סימאָן לעווי — „דאָס יידנטום אין דער מוזיק" (ערפורט, 1930); אַ שפע מאַטעריאַל איז דאָ אין גדאַל זאַלעסקיס ענגליש בוך „באַרימטע מוזיקער פון יידישן אָפּשטאַם" (ניו־יאָרק, 1949, 716 גרויסע זייטן). אין 1939 איז דערשינען אין ניו־יאָרק אַן ענגליש ביכל „די יידן אין מוזיק" פון מאַקסוועל ט. קאָהען (22 זייטן). אין ירושלים איז אין 1945 פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין העברייאיש אַן אינפאָרמאַטיוו בוך פון ד"ר פּ. גראַדענוויץ: „המוסיקה בישראל, מימי קדם עד ימינו אלה" (די מוזיק ביי יידן, פון פאַרצייטן ביז אונדזערע טעג). אויסער דער קורצער געשיכטע פון יידישער מוזיק, קומען אין דעם דאָזיקן בוך פיינע כאַראַקטעריסטיקעס און אָפּשאַצונגען פון מאָדערנע יידן־מוזיקער און יידישע מוזיקער אין גאָר דער וועלט און אין ישראל.

אין יידישן האָבן מיר אין די לעצטע יאָרן בלויז אַ

פאַר ביכער איבער מוזיק און מוזיקער: י. ב. ביילין — „יעקב שיפער“ (זיין לעבן און שאַפן, ניו־יאָרק, 1938, 352 ז״ז) און ישראל ראַבינאָוויטש — „מוזיק ביי יידן און אַנדערע עסייען אויף מוזיקאַלישע טעמעס“ (מאָנטרעאָל, 1940, 210 ז״ז). אין דער יידישער „אַל־געמיינער ענציקלאָפּעדיע“, „יידן ב׳ “ האָט יידישע מוזיק אין פאַרגלייך מיט אַנדערע געביטן זייער שלעכט אָפּגעשניטן: מען האָט יוצא געווען מיט צוויי קליינע אָפּהאַנדלונגען, קורצע, פראַגמענטאַלע, ווייט נישט קיין אויסשעפּנדיקע. דערצו איז דער באַנד אַרויס מיט אַ 12 יאָר צוריק און דער מאַטעריאַל איז שוין אַ שטאַרק פאַרעלטערטער.

אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו דער טעמע פון אונדזער איצטיקער אָפּהאַנדלונג — וועגן יידישער טעמאַטיק און יידישע מעלאָדיעס ביי יידן־און וועלט־מוזיקער. מיר וועלן דאָ ברענגען פאַרשיידענע נאָטיצן און מאַטעריאַלן, וואָס וועלן אונדז אַריינפירן אין דער וועלט פון יידן־און וועלט־מוזיקער און וואָס וועלן ווייזן, ווי זיי נוצן אויס יידישע טעמאַטיק און ווי זיי נעמען אויף יידישע מעלאָדיעס און מאָטיוון אין זייערע מוזיקאַלישע ווערק.

.2

### ריכאַרד וואַגנער וועגן יידן און מוזיק

ווען מען רעדט וועגן מוזיק ביי יידן און דער ראָלע פון יידן אין דער מוזיק, באַדאַרף מען קודם כל דער־מאָנען, אַז מיט איבער הונדערט יאָר צוריק האָט אָט די פראַגע אָנגערעגט (אָדער אויפגערייצט) דעם גרויסן דייטשישן קאָמפּאָזיטאָר ריכאַרד וואַגנער (1813־1883). אין 1850 האָט ער פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אונ־טערן נאָמען „דאָס יידנטום אין דער מוזיק“ אין דער דייטשישער „נויע צייטשריפט דער מוזיק“, וואו ער האָט געמאַכט שאַרפע פאַרוואורפן די יידישע מוזיקער, פאַרוואורפן וואָס זיינען געמישט געווען מיט אַנטיפּאַ־טיע און האַס צו יידן, צום יידישן פאָלק. מיט אַ 16

יאַר שפּעטער איז דער אַרטיקל דערשינגען אין אַ באַזונדער ביכל (פון 67 זייטן) אין אַ פאָרם פון אַ בריוו צו איינער מוכאַנאָוו־נעסעלראָד. די פרוי האָט זיך געווענדט מיט אַן אָנפראַגע צו וואַגנערן, פאַרוואָס די קריטיק פאַלט אָן אויף זיינע שאַפונגען. דער ענטפער איז געווען, אַז „אין אַלץ זיינען שולדיק יידן", אַז זיי זיינען זיך נוקם אין אים פאַר זיין יידן־פיינטשאַפט. זיין אָפענע שנאה צו יידן האָט אים אָבער נישט אָפּגעהאַלטן אין פאַרשיידענע צייטן צו באַנוצן זיך גאַנץ אָפן מיט דער שטיצע, וואָס זיינע יידן־פריינט האָבן אים אַרויסבאַוויזן אויף פאַרשיידענע אופנים. דער ייד איז טריף, אָבער זיין געלט איז כשר . . .

און אַז מען רעדט שוין וועגן שנאה און האַס צו יידן מצד אַן אַנטיסעמיטישן דייטש, דאַרף מען דערביי דערמאָנען דאָס בוך, וואָס איז דערשינען אין דייטש בימי היטלער הרשע אין מינכען, אין 1936, אונטערן נאָמען „יודנטום אונד מוזיק, מיט דעם א. ב. צ. יודישער און ניכט־אַרישער מוזיק בעפליסענער, — הערויסגעגעבען פאָן כריסטא מאַריא ראָך אונד האַנס בריקנער". אָט־די עכט־דייטשישע נאַצישע אויסגאַבע נעמט אַריין אין זיך אַ 6 (זעקס) טויזנט נעמען פון יידן־מוזיקער בלויז אין אייראָפּע! ד"ר פּ. גראַדענוויץ, דער מחבר פון דעם העברייאישן בוך „המוסיקה בישראל", גיט צו, אַז אין זיין רשימה פון יידישע מוזיקער, וואָס ער ברענגט אין זיין בוך, קומען אַריין בלויז 8 פּראָצענט פון דער צאָל וואָס די נאַצישע „פאָרשער" ברענגען. די דייטשישע פּינקטלעכקייט איז אַלעמאָל, סיי ביי גאַזאויוונס, סיי ביי מוזיק־פאָרשונג ממש אין לשער . . .

ריכאַרד וואַגנער האָט, ווי אַנדערע זאָגן, שאַרף באַקעמפט דעם יידן אין . . . זיך גופא. פרידריך ניטשע האָט אַמאָל אין זיינעם אַן אַרטיקל „דער פאַל וואַגנער" גאָר אָפּגעפרעגט אין וואַגנערן דעם עכטן דייטש. ער האָט געשריבן: „איז וואַגנער גאָר געווען אַ דייטש? מיר האָבן אַ סיבה צו שטעלן אָט די פראַגע. עס איז שווער צו געפינען אין אים וואָסער ס'איז דייטשישן

שטריך. אַזוי ווי ער, וואַגנער, האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ, האָט ער זיך אויסגעלערנט נאָכצומאַכן פיל אי־נעם דייטשישן גייסט, מער נישט. זיין כאַראַקטער אַליין איז אָבער אין ווידערשפּרוך צו אַלץ, וואָס איז ביז אַהער געהאַלטן געוואָרן פאַר דייטש — נישט רעדנדיק שוין וועגן דעם דייטשישן מוזיקער . . . זיין פאָטער איז געווען אַ שוישפּילער מיטן נאָמען גייער. אַ גייער איז כמעט אַן אָדלער, — גייער און אָדלער זיינען ביידע נעמען פון יידישע פאַמיליעס (וו. עדלין, „צוקונפט", 1913, ז' 622).

אָבער לאָמיר לאָזן די דייטשן גופא צו דערגיין, צי וואַגנער האָט געהאַט אין זיך יידיש בלוט, אָדער ער איז ראַסן־ריין, און לאָמיר צוגיין צו אונדזער טעמע — וועגן יידישן סיוזשעט און יידישע מעלאָדיעס ביי וועלט־מוזיקער.

.3

## דער תנ"ך און מוזיק

אַז אונדזער תנ"ך און די וויכטיקסטע ביבל־געשטאַלטן האָבן אינספּירירט פיל גרויסע נישט־יידישע און יידישע מוזיקער איז געוווּס באַקאַנט. דאָס אַליין איז אַ וויכטיקע טעמע פאַר אַ גאַר באַזונדערער אָפּהאַנדלונג. מיר וועלן דערמאָנען אייניקע מוזיקער:

דער גרויסער הענדעל (1759־1685) האָט געשאַפן מוזיקאַלישע ווערק, די אָראַטאָריעס „שמשון", „יהושע", „אסתר", „יהודה המכבי" און איינע פון די גרעסטע רעליגיעזע אָראַטאָריעס „משיח", וואָס דער פינאַל „הללויה" איז פון גרויסן באַטייט.

יוסף היידן (1809־1732) האָט אָנגעשריבן זיין מוזיקאַליש ווערק „באַשאַפונג פון דער וועלט" — בריאת העולם — לויט דזשאָן מילטאָנס (1674־1608) „פאַרלוירענער גן־עדן", וואָס איז פיל באַאיינפלוסט פון תנ"ך, פון די תנ"ך־מעשיות.

מעיערבער (1864־1791) האָט פאַרפאַסט אַן אָפּערע „דער פּראָפעט" און אַן אָפּערע „יפתחס טאָכטער".

דער איטאַליענישער קאָמפּאָזיטאָר ג. א. ראָסיני (1868־1792) האָט געשריבן מוזיק צו אַן אָפּערע „משה".

פראַנץ שוּבערט (1828־1797) האָט אַ קאָמפּאָזיציע „מרימס טריאומף־געזאַנג".

האַלעווי (1862־1799) האָט אויסגעדריקט טיפן צער און פּיין פון יידישע ליידן און דערנידערונגען אין זיין פּאָפּולערער אָפּערע „די יודין".

אין דער אָפּערע „יודין" האָט האַלעווי גאַנץ באַוואוסטזיניק באַמיט זיך צו ברענגען אַ בילד פונעם טראַגיזם פונעם יידישן פאָלק. און ביים אילוסטרירן אייניקע מאָמענטן האָט ער זיך באַנוצט מיט יידישע מעלאָדיעס . . . „האַלעוויס „יודין" איז לויטן סיוזשעט און סיי מיט דער מוזיק אַ פּראָדוקט פון טיפע נשמהדיקע אויפטרייסלונגען פונעם יידנטום" (ד. טשערנאָמאָרדיקאָוו אין דער „רוסיש־יידישער ענציקלאָפּעדיע", ב' 11, ז"ז 397 און 400). ער האָט פאַרפאַסט אַ צווייטע אָפּערע „דער אייביקער ייד". ער האָט אויך געשריבן יידישע און סינאַגאָגאַלע מוזיק.

פעליקס מענדעלסאָן (1847־1809) האָט פאַרפאַסט די באַוואוסטע אָראַטאָריע „אליהו".

דזשוזעפּע ווערדי (1901־1813) האָט אין 1891 אויפגעפירט אינעם מילאַנער טעאַטער די אָפּערע „נאַבוקאָ" (נבוכדראצר), — דאָס איז געווען די דריטע אָפּערע פונעם יונגן קאָמפּאָזיטאָר, די אָפּערע וואָס האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן דערפאָלג. אין דער ביבלישער געשיכטע וועגן די פּייניקונגען פונעם געפאַנגענעם יידישן פאָלק, האָבן די איטאַליענער דערזען און דערשפּירט די גרוילקייט פון זייער אייגענעם היימלאַנד. די מוזיק פון דער אָפּערע, אָנגעזאַפּט מיט דער האַרבער העראָאיק פון די העלדן, האָט געפונען אַ באַזונדערן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די איטאַליענער, וועלכע האָבן אין די ערשטע יאָרצענדליקער פונעם 19־טן י"ה געקעמפט קעגן זייערע פאַרשקלאַפער. „מיט אָט דעם ווערק, — האָט געזאָגט ווערדי, — האָט זיך אָנגעהויבן מיין אַרטיסטישע קאַריער". מיט „נאַבוקאָ" הויבט זיך

אָן די העראָאיק־פּאַטריאָטישע תקופה אין ווערדיס שאַפן. זיין נאָמען, זינט ס׳איז דערשינען „נאַבוקאָ״, איז ענג פאַרבונדן מיטן קאַמף פון איטאַליע פאַר איר פרייהייט און פאַר איר נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג״ (ל. סאָלאָווצאָווא — „דער גרויסער אָפּערע־דראַמאַטורג — דזשוזעפּע ווערדי״, אין „סאָוועטסקאיא מוזיקא״, מאָס־קווע, נומ׳ 2, 1951).

סען סאַנס (1834־1921) האָט געשאַפן די פּרעכ־טיקע אָפּערע „שמשון און דלילה״ (צוערשט אויפגע־פירט אין 1877), וואָס איז גענומען פון „שופטים״.

נ. רימסקי־קאָרסאַקאָוו (1844־1908) האָט פאַר־פאַסט אַ קאָמפּאָזיציע צו אַ „יידיש ליד״.

ריכאַרד שטראַאוס (1864־1949) האָט זיין „סאַ־לאָמע״ געבויט אויף אָסקאַר ווײַלדס פּאָעמע, וועלכע איז גענומען פון יידישער געשיכטע.

מען דאַרף אויך דערמאָנען די „פּסאַלם אָף דעי־וויד״ (תהלים פון דוד) פון דעם יונגן אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר נאָרמאַן דעללאָ דזשאָיא (געב. אין 1913), וואָס איז היי־יאָר געזונגען געוואָרן אין ניו־יאָרק אין קאַרנעגי האָל.

און גאָר אין דער לעצטער צייט איז דערשינען אַ „סימפאָניק פּסאַלם״ אין דריי טייל, לויט אַ דראַמע פון רענע מאָראַקס (פאַר כאָר, סאָלא און אָרקעסטער) פון אַרטור האָנעגער.

די צאָל פון קאָמפּאָזיציעס אויף ביבלישע טעמעס און אויף קאַפּיטלעך תהלים איז זייער גרויס און רייך. דער אָנהייב קער שטעקן העט־העט ווייט אין דער פאַר־גאַנגענהייט.

## 4.

## אַנטאָן רובינשטיין, מיכאַיל גלינקא

גאָר באַזונדערס באַדאַרף מען זיך אָפּשטעלן אויף דעם גרויסן רוסיש־יידישן מוזיקער־קאָמפּאָזיטאָר אַנ־טאָן רובינשטיין (1829־1894), וועלכער האָט געשאַפן די אָפּערע „מאַקאַבייער״ (לויט דער דראַמע פון א.

לודוויג), „מאַזעס", די אָראַטאָריעס „טורעם פון בבל", „שולמית" (אויפן טעקסט פון „שיר השירים"). חוץ זיין פאָטער האָט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן, ווען אַנטאָן איז געווען נאָך אַ קינד, אָבער א. רובינשטיין האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט אָדער זיך דערווייטערט פון יידן. ער האָט פאַר זיינע אָפּערעס געזאַמלט יידישע מעלאָדיעס ביי יידישע מוזיקער. ער איז אפילו געווען אַ מיטגליד פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט „מפיצי השכלה" פונעם ערשטן טאָג פון איר אויפקום, און צו א. רובינשטיינס 50־יאָריקן יובילײ פון מוזיקאַלישער טעטיקייט האָט „מפיצי השכלה" אים צוגעטראָגן אַ וואַרעמען „אַדרעס". גאַנץ קלאָר הערן מיר יידישע מעלאָדיעס אין פיל נומערן אין די „מאַקאַבייער", אין „שולמית", אין די כאָר־געזאַנגען פון די בני שם און בני חם פון „דור הפלגה" (בבל) און אין זיינע „פערסישע לידער". ווען איך בין אין מיינע יוגנט־יאָרן געווען אין אומאַן, האָב איך געהערט דערציילן, אַז אַנטאָן רובינשטיין, ביי זיינע באַזוכן אין אומאַן, פלעגט קומען פרייטיק צונאַכט אין דער בראַסלאַווער שול צו הערן דאָרט דעם באַרימטן חזן. ער האָט אַנגעקוואָלן פון דעם קבלת־שבת און אויסגענוצט דעם „לכה דודי" אין זיינער אַן אָפּערע, — מסתמא אין די „מאַקאַבייער".

אַנטאָן רובינשטיין האָט אַמאָל געזאָגט: „מיר איז שוין, ווייזט אויס, באַשערט דורכצולעבן מיין לעבן אין אַן אומבאַשטימטער וועלט. קריסטן זאָגן, אַז איך בין אַ ייד, און יידן טענהן, אַז איך בין אַ קריסט . . . קלאַסיקער זאָגן, אַז איך בין אַ מאָדערניסט, און מאָדערניסטן האַלטן, אַז איך בין אַ קלאַסיקער. מיר בלייבט מער ניט צו זיין דאָס, וואָס איך בין, און נישט צו זאָרגן וועגן דעם, וואָס אַנדערע זאָגן וועגן מיר".

טשיקאַווע איז די געשיכטע, וואָס ווערט דערציילט וועגן אַנטאָן רובינשטיין. ווען ער איז געווען אין בערלין, האָט אים באַזוכט דער באַוואוסטער דייטשישער מוזיקער האַנס פאָן ביולאָוו. נישט געטראָפן א. רובינשטיינען אין דער היים, האָט ער אים איבערגע־

לאָזט אַ וויזיט־קאַרטע, אויף וועלכער ס'איז געווען געשריבן: „האַנס פאָן ביולאָוו, קעניגלעכער מוזיק־דיריגענט, קעניגלעכער פּיאַניסט, קעניגלעכער כאָר־מייסטער א. אַז. וו.״ אַנטאָן רובינשטיין האָט אים אָפּגעגעבן אַ וויזיט און איבערגעלאָזט ביי אים אַ קאַרטע, אויף וועלכער ער האָט אָנגעשריבן מיט דער אייגענער האַנט: „אַנטאָן רובינשטיין, איין רוסישער יודע״ (י. פּיראָזשניקאָוו — אַנטאָן רובינשטיין, „צוקונפט״, 1914, ז' 1157).

אין דעם „לידער־זאַמלבוך פאַר דער יידישער שול און פאַמיליע״, צוזאַמענגעשטעלט פון ז. קיסעלגאָף (ערשטע אויפלאַגע דערשינען אין פעטערבורג אין 1911, פאַר מיר ליגט די 4־טע אויפלאַגע, אַרויס אין בערלין) האָבן מיר צוויי לידער מיט נאָטן פון דער אָראַטאָריע „מגדל בבל״, איבערגעזעצט אין יידיש פון מ. ריוועסמאַן און אין העברייאיש פון שאול טשערניכאָווסקי. מיר ברענגען דאָ דאָס ליד, וואָס „דער כאָר פון די בני שם״ זינגט:

הערט ווי שטיל עס רוישט דער קלאָרער ירדן,
פונדערווייטנס קלינגט זיין רוישן.

ס'זעען זיך די טענענבוימער
פון דער זון מיט גאָלד באַגאָסן.

דאָרט צום ירדן
שטאַרק ווילט זיך אונדז גיין!
יאָ, אַהין, אַהין ציט אונדזער האַרץ!

און אָט צוויי לידער פון דער אָפּערע „מאַקאַבייער״, איבערגעזעצט דורך מ. ריוועסמאַן, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט אין דעם זאַמלבוך צוזאַמען מיט די נאָטן:

### לאַחם געזאַנג

פּויקן, קלאַפּט העכער,
אַ, פּויקן, קלאַפּט שטאַרקער,
העכער, שטאַרקער!

זינגט הויך צו גאָט,
זינגט אים אַ שיר,

זינגט הויך צו גאָט,
זינגט אים אַ שיר.

ער האָט מיט זיין האַנט
דעם שונא באַזיגט . . .
און זיין רעכטע האַנט
באַשיצט אונדז.

## דער הייליקער שבת

שבת, שבת! מיט דעם יום־טוב
האָט דער בורא אונדז פאַרקנסט,
אויף זיין כלה וואַרט דער חתן,
וואַרט זי אויף דעם בעסטן גאַסט.

שטיי שוין אויף, מיין פאָלק, מיין חתן!
נעם דעם שבת־בגד גיך!
זאָג אַ „מזמור שיר ליום השבת",
ס'ליבט דיין שיינע כלה דיך.

קום, מלאכים־אונטערפירער
ברענגען היינט דיין כלה דיר.
קום, ס'איז אָנגעגרייט די חופה,
זינג אַ זיסן שבת־שיר!

אין דעם זעלביקן „לידער־זאַמלבוך פאַר דער יידי־שער פאַמיליע" האָבן מיר גאָטן און דעם טעקסט „אַ יידיש ליד" פון דער טראַגעדיע „קניאז כאָלמסקי" פון באַרימטן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר, דער פאָטער פון נאַ־ציאָנאַל־רוסישער מוזיק מיכאַאיל גלינקא (1857־1803), דער פּראָפעסער פון די אָפּערעס „איוואן סוסאַנין" און „רוסלאַן אי לודמילא".

דער מחבר פון דער דראַמע „קניאז כאָלמסקי" נ. קוקאָלניק (1868־1809) איז געווען אַ צווייטראַנגיקער דראַמאַטורג, ער האָט געהערט צום רעאַקציאָנערן לאַגער אין רוסלאַנד. („אַ יידיש ליד" איז אויך איבער־געזעצט פון מ. ריוועסמאַן):

## אַ יידיש ליד

אומעטום
פינצטער, שטום,

וויסט און אָרעם . . .
און, פאַרטראַכט,

היט די נאַכט
ציונס קברים . . .
אַלטע שטאָט!
וואַרט, ס'וועט גאָט
דיך באַנייען . . .
אונדזער לאַנד
וועט זיין האַנט
גיך באַפרייען!
נאָך דער נאַכט
מיט אַ פּראַכט

וועט אַלץ שטראַלן . . .
פון געזאַנג
וועט אַ קלאַנג
מעכטיק שאַלן . . .
רייך און גרויס
וועט גאָטס הויז
שיין אויפבליען,
און דאָס אָרט
פון גאָטס וואָרט
וועט זיין ציון!

.5

## קאַרל גאָלדמאַרק, מאַקס ברוך

אַ טיפע ליבע און פאַרשטענדעניש פאַר יידישע מע־לאָדיעס, פאַרן יידישן געזאַנג האָט געהאַט דער באַ־וואוסטער גרויסער קאָמפּאָזיטאָר קאַרל גאָלדמאַרק (1839־1915). אַ זון פון אַ חזן, ראובן גאָלדמאַרק, אין אַן אונגאַריש שטעטל קעשטעלי, האָט ער אין די קינ־דער־יאָרן איינגעזאַפּט אין זיך אַ ליבשאַפט צו יידישע געזאַנגען. אין אַ בריוו צו זיינעם אַ פריינט האָט ער איבערגעגעבן, אַז צו זיין פאָטער אין שטוב פלעגן זיך אַלע שבת צונויפקומען די שטאָט־באַלעבאַטים, און דער פאָטער האָט פאַר זיי געזונגען אַ „שמע קולנו", אַ „נעריצך", און קאַרל האָט עס אויפגענומען מיט יראת־הכבוד. נאָך דעם גרויסן דערפאָלג פון זיין באַרימטער אָווערטור צו „סאַקונטאַלא" (1865, מוזיקאַלישע אי־לוסטראַציע צו דער דראַמע פונעם אַלט־אינדישן דיכ־טער קאַלידאַסאַ, פונעם 6־טן י"ה, געשריבן אין אָריענ־טאַלישן גייסט), האָט קאַרל זיך גענומען צו שטודירן אָפּערע־קונסט. ער האָט באַשטימט, אַז דער סיוזשעט פאַר זיין ערשטער אָפּערע זאָל זיין אַ יידישער. איין מאָל האָט ער אין אַ שויפענצטער אין ווין דערזען אַ פּרעכטיק בילד, וואו ס'איז געווען אויסגעמאָלן, ווי שלמה המלך נעמט אויף אויף די טרעפּ פון זיין פּאַ־לאַץ די מלכה שבא. האָט ער, אין גרויס התפעלות פונעם בילד, אויסגערופן מיט פרייד: „דאָס איז מיין יידישע

אָפּערע״ און פֿאַרפֿאַסט אַן אָפּערע „מלכה שבא״.

נישט לייכט איז אָבער אָנגעקומען קאַרל גאָלד־מאַרקן אויפצופֿירן זיין אָפּערע אין דעם ווינער קעניג־לעכן אָפּערע־הויז. דער הויפּט־דירעקטאָר פֿון דער קעניגלעכער ווינער־אָפּערע הערבעק, האָט נישט דער־לאָזט. איז געשען אַ נס: דער באַרימטער פּיאַניסט איג־נאַץ בריל האָט אויף אַ „ביס״ געשפּילט אַן אויסצוג פֿון קאַרל גאָלדמאַרקס יידישער אָפּערע, איז די זאַך שטאַרק געפֿעלן געוואָרן דעם קייזער. אויף זיין פֿראַגע וואָס איז עס, האָט דער פּיאַניסט געענטפֿערט, אַז ס׳איז אַ פֿראַגמענט פֿון דער נישט־אויפֿגעפֿירטער אָפּערע „די קעניגין פֿון שבא״ פֿון קאַרל גאָלדמאַרק. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דאָס ווערק איז אין 1875 אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין דער קעניגלעכער אָפּערע און געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן דערפֿאָלג. גאַר באַזונדערס האָט זיך געפֿרייט מיט דער אויפֿפֿירונג די ווינער יידישע גע־זעלשאַפֿט, וואָס האָט זיך געקוויקט מיט די יידישע מע־לאָדיעס און קלאַנגען. אגב, איז די גאָלדמאַרק־אָפּערע אויפֿגעפֿירט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין ניו־יאָרק אין 1885, און געצויגן אַ גרויסן עולם (י. פּיראַזשניקאָוו, „צוקונפֿט״, 1915, ז׳ 173־178).

אַ מערקווירדיקן גורל אָדער מזל האָט געהאַט די אַלטע באַרימטע „כל נדרי״־מעלאָדיע. דער אָפּשטאַם פֿון אָט־דער מעלאָדיע, וואָס איז אַ שטיק יידישע קדושה, איז אומבאַוואוסט. מ׳האָט אפֿילו געמיינט, אַז די מע־לאָדיע שטאַמט פֿון עפּעס אַ רוימיש־קאַטוילישע קירכן־ליד. מאַקס ברוך (1838־1920), באַוואוסטער דייטשי־שער קאָמפּאָזיטאָר, האָט געשאַפֿן זיין באַרימטע קאָמ־פּאָזיציע אויף „כל נדרי״ פֿאַר פֿידל אָדער טשעלאָ מיט פּיאַנאָ, אויך מיט אָרקעסטער. אָט־די קאָמפּאָזיציע האָט געמאַכט מאַקס ברוכן וועלט־באַרימט, און מ׳האָט אים אפֿילו צוליב דעם „מגייר״ געווען, געמאַכט אים פֿאַר אַ יידן. ער גופֿא האָט אָבער געבעטן צו פֿאַרריכטן דעם „טעות״ און באַשטעטיקט, אַז ער איז נישט קיין ייד, נאָר אַ קריסט. אָבער פֿאַרפֿאַלן. זיין „כל נדרי״־קאָמ־

פּאָזיציע איז אַריין אין דעם יידישן מוזיקאַלישן אוצר, און איז אַ דורכאויס יידיש ווערק, וואָס מען שפּילט אויף יידישע קאָנצערטן און אויך יום־כּיפּור דורך דער ראַדיאָ ווי אַ טראַדיציאָנעלע יידישע תפילה.

אַ גאָר באַזונדערע און רייכע טעמע איז, ווי קאַ־פּיטלעך „תּהלים" זיינען זינט הונדערטער יאָרן קאָמ־פּאָנירט געוואָרן דורך פאַרשיידענע נישט־יידישע און יידישע מוזיקער. דאָס וואָלט אַ יידישער מוזיקאָלאָג באַדאַרפט גאָר באַזונדערס אויספאָרשן און אָנשרייבן וועגן דעם. און עד היום הערט דאָך נישט אויף דער „תהלים" צו אינספּירירן מוזיקער צו פאַרפאַסן מוזיק פאַר פאַרשיידענע קאַפּיטלעך תהלים, וואָס ווערן געזונ־גען אין קירכעס, אין שולן און אויף קאָנצערטן. לעצטנס האָבן מיר געהערט דורך דער ראַדיאָ אַ קאַפּיטל תהלים מיט דער מוזיק פונעם גאָר־יונגען יהודה וויינער (דער זון פון לאַזאַר וויינער).

.6

## בעטהאָווען, מוסאָרגסקי

איידער מיר גייען ווייטער, ווילן מיר זיך אָפּ־שטעלן אויף נאָך אייניקע גרויסע נישט־יידישע קאָמ־פּאָזיטאָרן, וואָס האָבן אַזוי אָדער אַנדערש אַריינגע־פלאָכטן יידישע טעמאַטיק אָדער עכט־יידישע מעלאָ־דיעס אין זייערע קאָמפּאָזיציעס.

קודם כל — בעטהאָווען, דער גרויסער בעטהאָווען (1827־1770). די יידישע בעטהאָווען־פאָרשער גיבן אי־בער וועגן איינער אַ מערקווירדיקער געשיכטע, וואָס איז פאַרבונדן מיט בעטהאָווען און יידישער מוזיק. אין 1826 (אַ יאָר פאַר בעטהאָווענס טויט) האָט די ווינער יידישע קהילה, וואָס האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן דעם גרויסן יידישן טעמפּל, באַשטעלט ביי בעטהאָווע־נען צו פאַרפאַסן מוזיק פאַר דער תפילה צום חנוכת־הבית. מ'האָט געוואוסט, אַז בעטהאָווען אינטערעסירט זיך מיט יידישער און מיט סינאַגאָגאַלער מוזיק. בעט־האָווען האָט זיך ערנסט געגרייט צו אַט־דער יידישער

קאָמפּאָזיציע, געזאַמלט מאָטיוון און מעלאָדיעס, נאָר נישט באַוויזן צוצוגרייטן צו דער באַשטימטער צייט די מוזיק פאַר דער תפילה. דער דייטשישער מוזיק־היס־טאָריקער פּראָפ. ברעסלויער באַשטעטיקט, אַז אין די לעצטע בעטהאָווען־שאַפונגען פון 1826 האָבן מיר אָנ־דייטונגען פון יידישע מאָטיוון. די ערשטע טאַקטן פון דער אדאזשיאָ אין בעטהאָווענס „ציס מאָל קוואַרטעט" (אָפּוס 131) האָבן דעם „כל־נדרי"־מאָטיוו.

אינטערעסאַנט איז דאָס מוזיקאַלישע בילדל פונעם באַרימטן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר מאָדעסט מוסאָרגסקיס (1835־1881), „בילדער פון אַן אויסשטעלונג", גע־שריבן פאַר פּיאַנאָ און אָרקעסטרירט דערנאָך, לויט דער באַשטעלונג פון סערגעי קוסעוויצקי דורך מאָריס ראַוועל. אָט די באַרימטע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע איז פאַרפאַסט געוואָרן דורך דעם גרויסן רוסישן קאָמפּאָ־זיטאָר אונטער דעם שטאַרקן איינדרוק פון דער ביל־דער־און צייכענונג־אויסשטעלונג פון דעם יונג־פאַר־שטאָרבענעם טאַלענטפולן קינסטלער־אַרכיטעקט וויק־טאָר האַרטמאַן (1834־1873). וו. האַרטמאַן איז געווען אַן אינטימער פריינט פון מ. מוסאָרגסקי, ער האָט פאַר־ענדיקט די קונסט־אַקאַדעמיע אין פּעטערבורג אין 1861 און מיט זיינע קינסטלערישע פאַרמעסטן און וועלט־באַ־נעם איז ער געווען זייער נאָענט צו מוסאָרגסקין. די פערזענלעכע אינטימע פריינטשאַפט האָט זיך ביי זיי פאַרוואַנדלט אין קעגנזייטיקער אַכטונג. דער פּריציי־טיקער טויט פונעם טאַלענטפולן, געליבטן און געאַכ־טעטן האַרטמאַן, האָט געמאַכט אַ שווערן איינדרוק אויף זיינע פריינט. דער אומדערמידלעכער אפּיטרופּוס פון אַלדאָס נייע און טאַלענטפולע, וול. סטאַסאָוו, האָט אָראַנזשירט אַן אויסשטעלונג פון וו. האַרטמאַנס קונסט־בילדער און צייכענונגען. מ. מוסאָרגסקי האָט מיט אַ באַזונדערן ברען זיך גענומען צו שאַפן אַ ציקל פּיאַנאָ־בילדער אויף די סיוזשעטן, וואָס די בילדער אויף דער אויסשטעלונג האָבן פאַרמאָגט. צווישן אַנדערע זיינען דאָרט געווען צוויי צייכענונגען „אַ רייכער ייד" און „אַן

אָרעמער ייד", וואָס וו. האַרטמאַן האָט געצייכנט פון נאַטור בעת ער האָט באַזוכט, אין 1868, סאַנדאָמיר. וו. סטאַסאָוו שרייבט וועגן די צוויי בילדער צו זיין פריינט קערזין: „איינער — איז אַ רייכער, דיקער ייד, אַ צופרידענער און לוסטיקער, דער צווייטער — אַן אָרעמער, דאַרער, וואָס קלאָגט זיך און וויינט כמעט. מוסאָרגסקין זיינען שטאַרק געפעלן געוואָרן די צייכע־נונגען צוליב דער בוילעטקייט און אויסדריקלעכקייט פון די בילדער. האַרטמאַן האָט זיי אַוועקגעשענקט זיין פריינט, מוסאָרגסקין". אָט די צוויי בילדער, וואָס האָבן געהערט מוסאָרגסקין, האָט מען אויך אויסגעשטעלט אויף דער האַרטמאַן־אויסשטעלונג. מוסאָרגסקי האָט אין זיין מוזיקאַליש ווערק געשאַפן אַ מוזיקאַלישן דיאַ־לאָג צווישן דעם רייכן און אָרעמען יידן. מ. ראַוועל האָט אין זיין אָרקעסטירונג, דעם צופרידענעם יידן גע־לאָזט רעדן דורך נידעריקע שטרייך־טענער, און דעם קרעכצנדיקן יידן — דורך אַ טרומפייט.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מ. מוסאָרגסקי האָט צווישן זיינע מוזיקאַלישע ווערק נאָך שאַפונגען מיט אַ יידישן סיוזשעט און מסתמא מיט יידישע מעלאָדיעס.

קודם כל, אַ כאָר מיט אינסטרומענטאַציע „די מפּלה פון סנחריב" (געבויט אויף דעם ליד פון בייראָן). ס'איז פאַרפאַסט געוואָרן אין 1867 און פיל מאָל אויפגע־פירט געוואָרן דורך באַלאַקירעוו און דערנאָך דורך רימסקי־קאָרסאַקאָוו. ס'זיינען דאָ צוויי באַאַרבעטונגען פון אָט־דעם ווערק. מוסאָרגסקי גופא, ווי אויך זיינע פריינט־פאַרערער, האָבן שטאַרק געהאַלטן פון דער מו־זיקאַלישער שאַפונג.

ס'איז אויך דאָ צווישן מוסאָרגסקיס ווערק אַ מוזי־קאַלישע שאַפונג פאַר כאָר „קאַמף־ליד" צו „יהושע בן נון" (געבויט, ווי ס'ווערט אָנגעוויזן, אויף אַלט־יידישע פאָלקס־לידער). די זאַכן האָט מ. מוסאָרגסקי גופא אויפגעפירט מיט אַ זינגערין בעת זיין טור איבער רו־סישע שטעט אין 1879, זיי ווערן דערמאָנט אין די קאָנ־צערט־פּראָגראַמען.

אין דעם דערמאָנטן ז. קיסעלגאָפס „לידער־זאַמל־בוך" ווערן געבראַכט נאָטן און אַ ליד פון מ. מוסאָרג־סקיס אָראַטאָריע „יהושע בן נון" (אין דער איבערזע־צונג פון מ. ריוועסמאַן). אָט זיינען די ווערטער פונעם ליד:

גאָט הייסט — און יהושע
וועט דעם שטאַרקן פיינט פאַרניכטן,
ער וועט שלאָגן דעם אמורי,
וועלכע לעסטערן די תורה . . .
חזק, חזק, חזק! . . .
ס'וועט דער פיינט אינגיכן פאַלן . . .
חזק, חזק, חזק!
מיט די מויערן פון יריחו . . .
אויף די הויכע בערג כנען
שטאָלץ וועט שטיין דער ארון קודש . . .
האָט קיין מורא!
ס'רופט דער שטרייט! . . .
זינגט אַ הויכן שבח
צום גרויסן גאָט! הללויה!

ס'וואָלט גוט געווען, ווען מוזיקער, דיריגענטן פאַר־אינטערעסירן זיך מיט דעם, ווי מיט די אַלע איבעריקע יידישע לידער און מאָטיוון פון די גרויסע מוזיקער.

.7

## ס. פּראָקאָפיעוו, מ. ראוועל

ווייניק ווייסן, אַז צווישן סערגעי פּראָקאָפיעווס (געב. 1891—) מוזיקאַלישע ווערק איז דאָ אַ יידישע מוזיקאַלישע שאַפונג. עס הייסט „אָווערטור אויף צוויי יידישע טעמעס". ס'זיינען דאָ פון דעם „רעקאָרדס" און מ'שפּילט עס אָפט אויף דער ראַדיאָ.

ווען און ווי אַזוי זיינען אָט די „היברו מעלאָדיעס" (ווי זיי הייסן) געשאַפן געוואָרן דורך סערגעי פּראָ־קאָפיעוו?

דער באַוואוסטער מוזיקער, דער קלאַרנעטיסט שמעון בעליסאָן (געב. 1881—), אויף מיין אָנפרעג, האָט מיר אין זיין בריוו פונעם 19טן דעצעמבער, 1951, אָט־

וואָס מיטגעטיילט וועגן אָפּשטאַם פון דער שאַפונג:
ווען דער „זמרה״־אַנסאַמבל, אונטער דער אָנפי־
רונג פון ש. בעליסאָן האָט געגעבן זיין ערשטן קאָנ־
צערט, נאָוועמבער 1919, אין ניו־יאָרקער „קאַרנעגי
האָל״, מיט אַ פּראָגראַם פון דורכאויס יידישער מוזיק,
האָט סערגעי פּראָקאָפּיעוו זיך געפונען אין זאַל. ער איז
דאַן געווען אויף זיין ערשטן באַזוך אין אַמעריקע. דאָס
שפּילן פונעם אַנסאַמבל האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינ־
דרוק אויף אים. נאָכן קאָנצערט איז פּראָקאָפּיעוו אַרויף
אויף דער בינע און אויסגעדריקט כאַר ש. בעליסאָן זיין
גרייטקייט אָנצושרייבן עפּעס יידישעס פאַרן אַנסאַמבל.
ער באַדאַרף נאָר קריגן אַ גוטע יידישע טעמע. מאָרגן
אין דער פרי, אַזייגער 9, איז פּראָקאָפּיעוו געקומען צו
ש. בעליסאָן (127־טע גאַס און 7־טע עוועניו) און אויפן
אָרט אויסגעקליבן צוויי מעלאָדיעס. אין אַ צען טעג
אַרום האָט פּראָקאָפּיעוו געבראַכט ש. בעליסאָנען אַ פאַר־
טיקע פּאַרטיטורע, און דער „זמרה״־אַנסאַמבל האָט זי
גענומען גרייטן צו שפּילן.

די ערשטע אויפפירונג פון דער קאָמפּאָזיציע פון
דעם „זמרה״־אַנסאַמבל איז פאָרגעקומען אינגיכן ביי אַ
פיינער געלעגנהייט. די „באָהעמיענס״, אַ קלוב פון אַר־
טיסטן און מוזיקער, האָבן געגעבן לכבוד סערגעי פּראָ־
קאָפּיעוו דעם 2־טן פעברואַר 1920 אַ פייערונג, און דער
„זמרה״־אַנסאַמבל האָט צום ערשטן מאָל געשפּילט די
זאַך. פּראָקאָפּיעוו האָט לכתחילה אָנגערופן זיין קאָמ־
פּאָזיציע „אַ סקעטש אויף צוויי יידישע טעמעס״. דער
„זמרה״־אַנסאַמבל האָט פּאָפּולאַריזירט עס אויף זיינע
קאָנצערטן אין די שטאַטן און אין קאַנאַדע. ווען פּראָ־
קאָפּיעוו איז צום צווייטן מאָל געקומען קיין אַמעריקע,
האָט ער די קאָמפּאָזיציע געמאַכט אויך פאַר אַן אָר־
קעסטער. ער האָט געענדערט דעם נאָמען און עס אָנ־
גערופן „אָווערטור צו צוויי יידישע טעמעס״.

מאָריס ראַוועל (1875־1937), באַרימטער פראַנצוי־
זישער מוזיקער, וואָס פון דער מוטערס צד, שטאַמט
ער פון יידן, האָט פּרעכטיק קאָמפּאָנירט דעם טראַדי־

ציאָנעלן יידישן „קדיש״ און באַאַרבעט די צוויי פאָ־
פולערע יידישע פאָלקס־לידער „פרעגט די וועלט אַן
אַלטע קשיא״ און „מאירקע, מיין זון״. ווער ס׳האָט אים
אינספּירירט צו קאָמפּאָנירן אָט־די זאַכן און ביי וועלכע
געלעגנהייטן, — איז מיר נישט באַקאַנט. ס׳וואָלט גוט
געווען, ווען די פריינט אין פּאַריז דערוויסן זיך מער
פּרטים וועגן מ. ראַוועלס אינטערעס צו די יידישע גע־
זאַנגען און מעלאָדיעס. האָט מ. ראַוועל געשאַפן נאָך
זאַכן געבויט אויף יידישע לידער און געזאַנגען?

.8

## גוסטאַוו מאַהלער, אַרנאָלד שענבערג

אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן דעם גרויסן קאָמפּאָ־
זיטאָר, דעם ייד גוסטאַוו מאַהלער (1860־1911) שרייבט
גדאַל זאַלעסקי (אין זיין דערמאָנטן בוך ז״ז 100־106):
„עס איז נישטאָ גאָרנישט יידישעס אין גוסטאַוו מאַה־
לערס מוזיק. נישט ער פילט זיך פאַרפליכטעט צו שאַפן
יידישע מוזיק און נישט ער אָנערקענט רעליגיעזע אָדער
נאַציאָנאַלע פליכטן. ווען מ׳פרעגט אים וועגן זיין
„אני מאמין״, ענטפערט ער: „איך בין אַ מוזיקער, און
דאָס שעפּט אַלץ אויס״. אויב איר ווילט דאָך געפינען
עפּעס יידישעס ביי מאַהלערן, קאָן מען עס אפשר טרעפן
אין זיין שטענדיקער גאָט־זוכעניש, אין זיין אומאויפ־
הערלעכן פרעגן ווי און פאַרוואָס. קורץ פאַר זיין טויט
האָט גוסטאַוו מאַהלער געשריבן צו ברונא וואַלטער (אויך
אַ ייד, וואָס שטייט וייט פון יידן און יידישעס!): „וואָס
איז דאָס, וואָס דענקט אין אונדז, וואָס מאַכט אונדז אַק־
טיוו? ס׳איז מאָדנע צו זאָגן — ווען איך הער מוזיק
און אפילו ווען איך דיריגיר, פאַרנעם איך באַשטימטע
ענטפערס אויף אַלע מיינע פּראָבלעמען און איך בין איב־
גאַנצן זיכער און ס׳איז מיר קלאָר, אָדער ריכטיקער
געזאָגט, איך פיל גאַנץ קלאָר, אַז עס זיינען נישטאָ קיין
פּראָבלעמען״.

מיטן פּראָבלעם מאַהלער און יידישע מאָטיוון פאַר־
נעמט זיך אויך עריק ווערנער (אין זיין אָפּהאַנדלונג

„דער יידישער צושטייער צו מוזיק", אין די זאַמלביכער „יידן — זייער געשיכטע, קולטור און רעליגיע", נ. י., 1949, ב' 3, ענגליש). ער שרייבט צווישן אַנדערן: „. . . דער פאַל מאהלער גרענעצט מיט טראַגיק. ער דאַרף פאַרשטאַנען ווערן ווי אַ טרויעריקער סימפּטאָם פון אינעווייניקסטער צעשפּליטערונג. דער עיקר ווייל זיין אמתער גייסטיקער קוואַל שטראַמט טיף און עמאַציאַנעל און אינטעלעקטועל אין יידישן גייסט. אין פיל הינזיכטן באַדאַרף ער באַטראַכט ווערן ווי אַ מין לעבעדיקער אַנאַכראַניזם: אַ נביא, וועלכער ברענט מיטן עטישן פאַנאַטיזם פון אַן עמוס, אַ גאָטזוכער פונעם התלהבותדיקן צדיק־טיפּ. אַ סענסיטיווער גייסט, וועלכער ברענגט אַרויס ווערטער ווי „איך וועל שטאַרבן צו לעבן ווידער פאַר גאָט", און דערביי נישט ווייסנדיק וועגן אַן ענלעכן אויסגעשריי ביים „בעל־התהילים", אַ קאָמפּאָזיטאָר, וואָס ווייזט אַרויס מיסטעריעזע קרובהשאַפט מיט חסידישע געזאַנגען, אַ פאַרקערפּערונג פון די איידלסטע שטריכן פון יודאַאיזם און דערביי אינגאַנצן פאַרפרעמדט פון זיין אייגן פאָלק און גלויבן."

וועגן גוסטאַוו מאַהלער און זיין פרעמדקייט צו יידישע עלעמענטן און מאָטיוון אין זיין מוזיקאַלישן שאַפן האָט ערנעסט בלאָך גאַנץ שאַרף געזאָגט, אַז ער האַלט, אַז דער גרויסער חסרון פון גוסטאַוו מאַהלער ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר קומט פון דעם, וואָס ער האָט נישט באַגריפן די השפעה פון דער אייגענער פאָלקס־ירושה, און ער האָט געשאַפן אויפן יסוד פון שוין גענוצטע אידיאָמס און נישט געניגט פולקאָמע פאַר דעם, וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען. און ערנעסט בלאָך גייט ווייטער און באַטאָנט, אַז „ווען אָנשטאָט זיין כסדרדיקן זוכן אַ תוך, וואָלט ג. מאַהלער זיך בעסער פאַרבונדן מיטן געניוס פון זיין פאָלק (אָדער ראַסע), וואָס וואָלט ער נישט דערגרייכט? . . . אָבער אַזוי ווי דאָס איז, הערן מיר זיך צו צו ג. מאַהלערס גרויסע סימפאָניעס, וואָס טורעמען אַזוי הויך און ציען זיך אַלץ העכער, און מיט

באַדויער פילן מיר, אַז נישט געקוקט אויף גאָר זייער גייסטיקייט, איז זייער מוזיקאַלישער ווערט צו־קאָנווענציאָנעל, און ער קאָן דעריבער צעקרישלט ווערן אין לויף פון יאָרן״ . . .

אַרנאָלד שענבערג (1951־1874), דער מאָדערנער און ראַפינירטער קאָמפּאָזיטאָר, וואָס איז געגאַנגען אַלע יאָרן אין זיין מוזיקאַלישן שאַפן אויף נייע, אומבאַטראָטענע וועגן און באַקעמפט געזעצן און טראַדיציעס אין דער מוזיק, האָט זיך שטענדיק געהאַלטן ווייט פון יידישער טעמאַטיק און פון יידישע מאָטיוון. אויף מיין אָנפראַגע אַפּריל 1943 ביי אַ באַגעגעניש אין האָליוואוד, צי עס זיינען דאָ אין זיין מוזיקאַלישן שאַפן יידישע עלעמענטן, יידישע מאָטיוון, האָט ער מיר קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז פאַר אים איז מוזיק מאַטעמאַטיק, איז אַזוי אַבסטראַקט און עקזאַקט ווי מאַטעמאַטיק און זי האָט דעריבער די זעלבע געזעצן ווי מאַטעמאַטיק. זוכט איר יידישע מאָטיוון און יידישע עלעמענטן אין מוזיק, — האָט ער מיר געזאָגט, — ווענדט זיך צו יוסף אַכראָן . . . ער וואוינט דאָ אין האָליוואוד, אָבער ער איז, ליידער, איצט קראַנק . . .

אָבער די גרויליקע געשעענישן אין אייראָפּע, די וויסטע חורבונות, וואָס די היטלעריסטישע דייטשן האָבן אַזוי סיסטעמאַטיש אַדורכגעפירט און באַזונדערס אויסגעגאָסן זייער האַס אויפן יידישן פאָלק, האָבן אויפגעשוידערט דעם שטרענג־אויסגעהאַלטענעם מוזיקער אַרנאָלד שענבערג, וואָס האָט זיך דאָך געלאָזט בויגן (אויב נישט ברעכן!) אין זיין מוזיקאַלישן שאַפן.

אַרנאָלד שענבערג האָט די לעצטע יאָרן גאָר ברייט און מיט אַ נייעם אימפּעט גענומען שאַפן יידישע מוזיקאַלישע ווערק. א. באַראָן אין „טאָג״ דערמאָנט דריי לעצטע מוזיקאַלישע שאַפונגען פון א. שענבערג: „כל נדרי״, „דער לעבנגעבליבענער פון וואַרשע״ און אַן אָפּערע „משה און אהרן״. די ערשטע צוויי ווערק זיינען געשפּילט געוואָרן אין ניו־יאָרק און אין לאָנדאָן. די אָפּערע איז פאַרענדיקט געוואָרן דורך שענבערגן קורץ פאַר

זיין טויט אין האָליוואוד, וואו ער האָט לעצטנס געוואוינט.

**א. באַראַן ציטירט אין זיין אַרטיקל (א. שענבערג, „טאָג" פונעם 4־טן סעפּטעמבער 1951) אַ בריוו, וואָס** אַרנאָלד שענבערג האָט געשריבן צום מוזיקער־פּיאַניסט פראַנק פּאָלאַק (איצט — פּלג), דעם פירער פון דער מוזיק־אָפּטיילונג אין דעם בילדונגס־מיניסטעריום אין ישראל, דעם 25־טן אַפּריל 1951 (עטלעכע וואָכן פאַרן טויט). מ'האָט א. שענבערגן פאַרגעלייגט אָנצונעמען די ערן־פּרעזידענטשאַפט פון דער ניי־געגרינדעטער מו־זיק־אַקאַדעמיע אין ישראל. שרייבט ער אין בריוו, אַז „אַז ער נעמט אָן מיט שטאָלץ דעם ערן־אַמט, און ווען זיין געזונט וואָלט אים דערלויבט, וואָלט ער געוואָרן אי אַ לערער אין דער אַקאַדעמיע און אי אַ בירגער פון לאַנד ישראל . . . דאָך האָפט ער די מאַנוסקריפּטן פון זיינע קאָמפּאָזיציעס און אַרטיקלען איבערצוגעבן דער נאַ־ציאָנאַלער ביבליאָטעק אין ירושלים . . . ווי גערן ער וואָלט דאָרטן פּערזענלעך געוואָלט אונטערריכטן, קאָ־נען ווערטער ניט אויסדריקן. ער מוז אָבער אויף דעם פאַרציכטן. ער האָט דערצו ניט זוכה געווען. ער גיט אָבער דעם אַנשטאַלט זיין ברכה און זיין ראַט". ער שרייבט ווייטער: „איך וואָלט פון דער אַקאַדעמיע באַ־מיט זיך צו שאַפן אַן אַנשטאַלט, וואָס זאָל האָבן אַן אוני־ווערסאַלע באַדייטונג, וואָס זאָל פאַר דער מענטש־הייט דינען ווי אַ קעגנזאַץ צום געשעפטלעכן מאַטעריאַ־ליזם, דעם קאָמערציאַליזם, ביי וועלכן אַלע עטישע פּרינ־ציפּן פון אונדזער קונסט פאַרשווינדן. אַן אוניווערסאַ־לער אַנשטאַלט טאָר ניט אַרויסשטעלן קיין האַלב־קע־נער. ער טאָר ניט דערציען אינסטרומענטאַליסטן, ווע־מעס גרויסע געשיקטקייט באַשטייט בלויז אין דער גע־שיקטקייט זיך אָנצופּאַסן צו די אונטערהאַלטונג באַדער־פעניש. פון אַזאַ אינסטיטוציע מוזן אַרויסקומען כהנים (פּריסטער), וואָס דינען דער אמתער קונסט ווי כהנים האָבן געדינט ביים מזבח."

און ווייטער שרייבט אַרנאָלד שענבערג, דער חוזר־בתשובה אויף די עלטערע יאָרן:

„אַזוי ווי גאָט האָט ישׂראל אַלס פֿאָלק אויסדערווילט, וועמעס אויפֿגאַבע עס איז, טראָץ אַלע פֿאַרפֿאָלגונגען, טראָץ אַלע ליידן, דעם ריינעם, אמתן מאָנאָטעאיזם צו דערהאַלטן, אַזוי איז די אויפֿגאַבע פֿון די מוזיקער אין ישׂראל דער וועלט אַ פֿאָרבילד צו געבן, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין אונדזערע נשמות ווידער צו מאַכן פֿונקציאָנירן, ווי דאָס פֿאָדערט די העכערע אַנטוויקלונג פֿון דער מענטשהייט . . . דאָס זיינען צו אייך מיינע וואונטשן . . . ״

.9

## ערנעסט בלאָך

פֿון אַ גאָר אַנדערן שניט און אַ גאָר אַנדערע באַציאונג צו יידישער מוזיק, צו יידישער טעמאַטיק און צו יידישע מעלאָדיעס פֿאַרמאָגט דער באַוואוסטער יידישער קאָמפּאָזיטאָר ערנעסט בלאָך (געב. אין 1880, אין זשענעווא, שווייץ). ער באַגנוגנט זיך נישט בלויז מיט אַ יידישן מאָטיוו, יידישער מעלאָדיע אָדער מיט אַ יידישן סיוזשעט. ער איז פֿאַרקניפּט און פֿאַרבונדן מיט דער יידישער מוזיק, וואָס איז פֿאַר אים אַ יסוד, אַן עיקר אין זיין מוזיקאַלישן שאַפֿן. ער האָט פֿאַרפֿאַסט „דריי יידישע פּאָעמעס״ פֿאַר אָרקעסטער (1913), די סימפֿאָניע „ישׂראל״ (1916, פֿאַר סאָפּראַנאָ, קאָנטראַלטא, באַריטאָן, פֿרויען־כאָר און אָרקעסטער), אין וועלכער ער ברענגט אַרויס שטיקער יידישע געשיכטע. ס׳איז באַקאַנט זיין ראַפּסאָדיע „שלמה״ (פֿאַר טשעלא און אָרקעסטער, 1916) און ס׳איז וועלט־באַרימט זיין „בעל־שם״ (פֿידל און פּיאַנאָ). לעצטנס איז זייער פּאָפּולער זיין אָראַטאָריע „עבֿודת הקודש״ (מיטן העברייאישן טעקסט), וואָס ער האָט געאַרבעט דערויף פֿיל יאָרן. ער גופֿא כאַראַקטעריזירט די אָראַטאָריע, אַז זי איז „טיף יידיש אין שורש, ס׳איז אָבער אַ מתנה פֿון ישׂראל צו גאָר דער מענטשהייט״.

ערנעסט בלאָכס אַרויסזאָגונגען וועגן יידישער מוזיק און זיין אייגענע זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק זיינען

זייער אינטערעסאַנט. גדאַל זאַלעסקי האָט אין זיין ענג־ לישן בוך „באַרימטע מוזיקער פונעם יידישן אָפּשטאַם" אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג וועגן ערנעסט בלאָך (זי איז מיט אייניקע קיצורים פאַרעפנטלעכט אין „יידישע קול־ טור", פעברואַר 1951, יידיש — נ. הייקין). ע. בלאָך זאָגט: „נאַציאָנאַליזם איז ניט נויטיק אין מוזיק. אָבער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין — יאָ. די צוויי באַגריפן זייַ־ נען ניט איינס און דאָס זעלבע; אַ סך קאָמפּאָזיטאָרן זיינען צעמישט וועגן דעם. אַ מוזיקער דאַרף ניט באַ־ צייכענען זיין שאַפונג ווי ,אַמעריקאַנער', ,דייטשע', ,אי־ טאַליעניִשע'. אָבער אויב ער דערוואַרט צו שאַפן אמתע מוזיק, דאַרף ער אין דער טיפעניש פון זיין האַרצן זיין אַן אַמעריקאַנער, אַ דייטש, אַן איטאַליענער אָדער אַ ייד. איך, צום ביישפּיל, בין אַ ייד, און איך שטרעב צו יידי־ שער מוזיק, ניט צוליב זעלבסט־רעקלאַמע, נאָר צוליב דער איבערצייגונג (נאָר דערפאַר וואָס איך בין זיכער), אַז דאָס איז דער איינציקער וועג, ווי אַזוי איך קאָן שאַפן מוזיק פון וויטאַליטעט און באַדייטונג, אויב איך בין איבערהויפּט בכוח צו שאַפן עפּעס אַזוינס."

„איך גלויב, אַז די טיילן פון מיינע שאַפונגען, וואו איך בין אַן צווייפל נאַציאָנאַל, זיינען די בעסטע; אָבער די נאַציאָנאַלע קוואַליטעט ליגט ניט אין די פאָלקס־ טעמעס, נאָר אין מיר גופא. אויב אַזוי, וועט איר דאָך פרעגן: ,וואָס זיינען די סימנים פון יידישער מוזיק?' וועל איך טאַקע מוזן צוגעבן, אַז וויסנשאַפטלעך אַנאַ־ ליזירן און אָנווייזן אויף דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט אין מוזיק, איז טאַקע שווער. עס וואָלט אָבער געווען נישט וויסנשאַפטלעך אָפּצולייקענען, אַז אַזעלכע עלעמענטן עקזיסטירן. דאָס נאַציאָנאַלע געפיל איז אַן אייגנשאַפט פון אַלע גרויסע מוזיקאַלישע שאַפונגען, וואָס דריקן אויס סיי די מאַסן, סיי דעם יחיד. אַ מענטש איז ניט בלויז ער אַליין. ניין! ער איז גלייכצייטיק טויזנטער פון זיין שטאַם און אור־עלטערן אינאיינעם! מעג איי־ נער שרייבן ווי ער פילט און מעג עס זיין פון אַ וועלכן ניט איז אויסנעמלעכן שטאַנדפּונקט, וועט זיין אויס־

דרוק אין זיין יסוד האָבן אַ שייכות מיט זייַנע אורעלטערן. איך גלויב, אַז די הויפּט־סיבה, פֿאַרוואָס ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרן האָבן נאָך ניט דערגרייכט קיין ערשט־ראַנגיקע ערטער אין מוזיק־קאָמפּאָזיציע, איז דאָס וואָס באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק, צוליב מורא אָדער צוליב מאַנגל אין זעלבסט־דערקענטעניש, האָבן זיי פֿאַרפֿעלט צו אַנטפּלעקן זיך גופֿא אין זייער קונסט".

וועגן זיין סימפֿאָניע „ישראל", וואָס אין זיין ערשטן טייל שילדערט ער געבעט, כאַאָס, וואַנזין, נביאות און וויזיעס פֿונעם צוגעזאָגטן לאַנד, מיט משהן, באַרג סיני א. אַז. וו. האָט אַמאָל געזאָגט ערנעסט בלאָך: „דאָס איז די ייִדישע נשמה, וואָס האָט מיך אַזוי פֿאַראינטערעסירט, די קאָמפּליצירטע, גליענדיק־אומרואיקע נשמה, וואָס וויברירט דורך דער גאַנצער לענג פֿון דער ביבל. זי איז אין אונדז אַלעמען, זי איז אין מיר. איך פֿאַרנעם זי אין זיך און באַמי זיך איבערשרייבן דאָס געהערטע אין מוזיק — די אייביק־ווירדיקע עמאָציע, וואָס דרימלט ערגעץ טיף אין אונדזער נשמה".

באַזונדערס איז אינטערעסאַנט די פֿאַרגעשיכטע און געשיכטע פֿון זיין ווערק „שלמה" (שעלאָמאָ", פֿאַר טשעלאָ און אָרקעסטער, וואָס ערנעסט בלאָך האָט פֿאַרענדיקט סוף 1916), וואָס אין צענטער איז די געשטאַלט פֿון שלמה המלך. ערנעסט בלאָך גיט איבער, אַז „אין משך פֿון יאָרן האָט ער געהאַט קאָמפּאָנירט עסקיזן, באַזירט אויף „קהלת". די דאָזיקע אַרבעט איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן צוליב דער פֿראַגע פֿון שפּראַך: וועלכע שפּראַך זאָל ער נוצן? פֿראַנצויזיש האָט זיך נישט צוגעפּאַסט צו זיין אידיאָם, דאָס זעלבע מיט דייטש און ענגליש. בלויז דאָס וואויל־קלינגענדיקע העברייאיש האָט אויסגעקוקט צו זיין גוט צוגעפּאַסט, אָבער מיט העברייאיש איז בלאָך געווען ניט גענוג באַקאַנט אויף צו שרייבן פֿאַר דעם מוזיק. בשעת ער האָט זיך געראַנגלט מיט דער שפּראַך־פּראָבלעם האָט ער זיך באַקענט מיט דעם טשעליסט אַלעקסאַנדער באַדיאַנסקי

און מיט זיין פרוי, מיט וועלכע ער האָט געשלאָסן אַ נאָענטע פריינטשאַפט. דאָס האָט געפירט צו דעם, אַז בלאָך זאָל זיך פאַרטראַכטן וועגן שאַפן עפּעס פאַר דער טשעלאָ און דערביי האָט אים אויפגעלויכטן אַ געדאַנק צו פאַרבייטן דעם זינגער אין „קהלת״ אויף אַ טשעלאָ, וועמעס טענער עס פאַרמאָגן די גייטיקע קוואַליטעט און האָבן אַן אוניווערסאַלן אַפּיל. ער האָט זיך אַ נעם געטאָן ענטוזיאַסטיש צו דער אַרבעט (אין דער זעלביקער צייט האָט מאַדאַם באָדיאַנסקי, אַ סקולפּטאָרין, געאַרבעט אויף אַ סטאַטועטקע פון שלמה המלך). אין עטלעכע וואָכן איז די אַרבעט געווען פאַרענדיקט, און אַזוי ווי לויט דער טראַדיציע ווערט שלמה המלך באַטראַכט פאַרן מחבר פון „קהלת“, איז שוין „שלמה“ געבליבן דער נאָמען פון דער ראַפּסאָדיע. די ראַפּסאָדיע האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטע פּראָגראַם אָדער פאָראויסגעזעצטן ציל צו שילדערן און צו דערציילן. דער קאָמפּאָזיטאָר האָט זיך געהאַט אָנגעזאַפּט און דורכגעדרונגען מיט דעם ביבלישן טעקסט און איז געווען טיף גערירט פון דעם צער, דורך וועלכן די וועלט גייט דורך . . . ״ (גדאַל זאַלעסקי, ז״ז 18־27, זע אויך „יידישע קולטור״, פעברואַר 1951, ז״ז 5־6).

ד״ר פּ. גראַדענוויץ ברענגט אין זיין בוך „המוסיקה בישראל״ ערנעסט בלאָכס ווערטער וועגן זיין אופן פון שאַפן. „איך האָב נישט קיין כוונה און איך שטרעב נישט צו רעקאָנסטרואירן די אַלטע יידישע מוזיק, אָדער צו באַזירן מיינע שאַפונגען אויף די מעלאָדיעס, וואָס זיינען וויניקער אָדער מער אויטענטיש. איך בין נישט קיין אַרכעאָלאָג. לויט מיין מיינונג, איז קודם־כּל וויכטיק, אַז דער קאָמפּאָזיטאָר זאָל שאַפן גוטע און עכטע מוזיק, זיין אייגענע מוזיק. וואָס עס אינטערעסירט מיך באַזונדער, איז דער יידישער גייסט, דאָס פלאַטערנדיקע, וואונדערלעכע, שטורמישע, וואָס עס שוועבט אינעם תנ״ך, די לעבנס־קראַפט און תמימות פון די עלטערן, די נאַטירלעכקייט און גבורה פון די נביאים־ספרים; זייער ליבשאַפט פון גערעכטיקייט,

זייער קנאות; דער צווייפל און די באַרעכטיקונג פון גזר־דין אין קהלת; דער וויטיק און די דערהויבנקייט פונעם ספר איוב, די סענסיטיווקייט און ליידנשאַפט פון־נעם שיר־השירים. דאָס לעבט דאָך אין אונדז, אין מיר, און דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס מיין „איך" פאַרמאָגט. דאָס אַלץ וואָס איך באַמי זיך אויפצונעמען אין זיך און איבערגעבן אין מיין מוזיק — די געפילן פון מיין פאָלק, פון מיין שטאַם, וואָס איז באַהאַלטן אין די טיפענישן פון אונדזערע הערצער" (ז' 125).

פּ. גראַדענוויץ פירט אויס, אַז „כדי צו דערגרייכן זיין דאָזיקן ציל, באַנוצט זיך נישט ערנעסט בלאָך מיט די „אָריגינעלע" יידישע מעלאָדיעס, ווייל ער האַלט, אַז דאָס רוב מעלאָדיעס, אין זייער איצטיקן אויסזען, האָבן באַקומען — אָדער וויניקסטנס האָבן געענדערט זייער מהות דורך די פרעמדע איינפלוסן. בלאָך פרואווט דע־ריבער אויפפאַסן דורך זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען דעם גייסט און די נשמה פון דעם יידישן געפיל און געראַנגל. אַזוי זיינען זיינע קאָמפּאָזיציעס צו די קאַ־פּיטלעך תהלים, די „יידישע פּאָעמעס", זיין ראַפּסאָדיע „שלמה", די סימפאָניע „ישראל", זיין קאָמפּאָזיציע פאַר וויאָלאָ „קול קורא במדבר" און זיין גרעסטע שאַפונג, די קאָמפּאָזיציע „עבודת הקודש" . . . דאָס איז דער ערשטער גרויסער פּרואוו און פאַרמעסט צו שאַפן אַ יידיש מוזיקאַליש ווערק, וואָס זאָל זיך קאָנען פאַר־גלייכן מיט די גרויסע אָראַטאָריעס פון דער קריסטלע־כער וועלט. זי ווירקט פריער פון אַלץ מער דורך די דערהויבענע מאָראַלישע כוחות, וואָס זי פאַרמאָגט, איי־דער דורך דעם מוזיקאַלישן שטאָף גופא" (ז"ז 126־127).

ווען מיר רעדן וועגן ערנעסט בלאָך, איז כדאי צו דערמאָנען אַ ליד פון אברהם רייזען אונטערן נאָמען „די יידישע מוזיק", געווידמעט ערנעסט בלאָך, גע־שריבן (ווי ס'איז באַצייכנט אין דער הערה) „אין ניו־יאָרק, 1918, נאָך זיין ערשטן קאָנצערט אין קאַרנעגי האָל". דער דיכטער איז מיטגעריסן געוואָרן פון בלאָכס יידישער מוזיק, און האָט אויסגעזונגען אַ ליד, וואו

מיר האָבן צווישן אַנדערן אַזעלכע רינדיקע שורות:

איך האָב געהערט די יידישע מוזיק,
און ס'האָט מיך ווייט אַוועקגעטראָגן,
איך האָב געהערט ווי דורות שלאָגן
און האָב מיין פאָלק דערזען גאָר יונג צוריק...

אין דעם דיכטערס פאַנטאַזיע גייען אַדורך פאַר־שיידענע מאָמענטן פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט — קריעת ים־סוף, דער מדבר, שלמה המלך, מלכת שבא, גלות בבל, ירמיהו, יחזקאל א. אַז. וו. און דער דיכ־טער פאַרענדיקט זיין ליד:

און באַלד גאָר בין איך אין אַ שול אַריין. ביינאַכט...
געזען אַן עדה הין און הער זיך וויגן —
אין האַרץ געדרונגען האָט אַ ווייטער ניגון
און תפילות אַלטע האָבן מיך ערוואַכט...

.10

## יידישע נאַציאָנאַלע און יידיש־רעוואָלוציאָנערע הימנען

איידער מיר לאָזן זיך גיין ווייטער צו זוכן און צו געפינען יידישע טעמאַטיק און מעלאָדיעס ביי די פאַר־שיידענע וועלט־באַרימטע און וויניקער־באַוואוסטע קאָמפּאָזיטאָרן, לאָמיר זיך פאַרהאַלטן אויף אַ ווילע ביי די פאַרשיידענע יידישע, נאַציאָנאַלע און פאַרטייאישע הימנען, און זען פונוואַנעט זייערע מעלאָדיעס שטאַמען.

קודם־כל וועגן דעם הימן צו „התקוה", וואָס איז יאָרנלאַנג געווען דער הימן פון דער אַלגעמיינער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע אָדער באַוועגונג און לעצטנס געוואָרן שיער נישט דער הימן פונעם יידישן פאָלק. ווי באַוואוסט, איז דער טעקסט פון „עוד לא אבדה" (אָדער „התקוה") פאַרפאַסט געוואָרן דורך נפתלי הערץ אימבער (1856־1909) אַרום 1878. לויט ד"ר פּ. גראַ־דענוויץ (אין זיין דערמאָנטן בוך „המוסיקה בישראל") האָט נ. ה. אימבער אָנגעשריבן דאָס ליד, ווען ער האָט געלעבט אין ראשון לציון, א"י, און „איינער אַ קאָלאָ־ניסט, אַ געקומענער פון באָהעמיען, האָט צוגעפּאַסט צו אימבערס שיר אַן אַלטע באָהעמישע פאָלקס־מעלאָדיע".

מיר (צוזאַמען מיטן מוזיקער הענעך קאָן און איציק מאַנגער) איז אויסגעקומען צו זיין אין וואַרשע אין אַ הויז פון אַ רומענישער פּיאַניסטין, און דאָרט האָט הענעך קאָן אין אַ גרעסערער זאַמלונג פון רומענישע פאָלקס־לידער און פון פאָלקס־געזאַנגען זיך אָנגעשטויסן אויף דער „התקוה"־מעלאָדיע אין אַ נאָטן־זאַמלונג. ווי באַקאַנט האָט דער באַרימטער טשעכישער קאָמפּאָזיטאָר ב. סמעטאַנא (1824־1884) אַריינגעפלאָכטן די מוזיק אין זיין סימפאָניע „די מאָלדאַו". וואָלף יונין („טאָג", פון 2טן אָקטאָבער, 1949) שרייבט, אַז „אים איז באַקאַנט אַן עלטערער קוואַל פונעם 17טן יאָרהונדערט, וואו די זעלבע מעלאָדיע ווערט גענוצט אין אַן אַלט שפּאַניש ליד".

אין „דבר", (תל־אביב, פונעם 16־טן מאַי, 1952) האָט משה גורלי געבראַכט איניקע ידיעות צו דער געשיכטע פונעם ציוניסטישן הימן „התקוה". ער גיט איבער אין נאָמען פון איינעם, שמואל כהן, ווי דער שיר „התקוה" מיט זיין מעלאָדיע איז געוואָרן אַ ציוניסטישער הימן. מ׳פלעגט זינגען אַמאָל דאָס ליד פון יחיאל מיכל פינעס (1842־1913) „חושו אחים, חושו, נרימה פעמינו" מיט אַ מעלאָדיע פון אַ פּאָפּולער רוסיש ליד. ש. כהן האָט, וואוינענדיק נאָך אין רומעניע, באַקומען פון זיין ברודער אימבערס זאַמלונג פון העברייאישע לידער „ברקאי". פון אַלע לידער איז אים באַזונדערס געפעלן געוואָרן דאָס ליד „התקוה". ביי אונדז אין דער היים, — דערציילט שמואל כהן, — האָט מען געזונגען אין כאָר דאָס רומענישע ליד „אויס ציא" (רעכטס, לינקס, וואָס מ׳טרייבט דערמיט אָקסן, באַזונדערס ביים אַקערן)". ווען ש. כהן איז געקומען קיין ראשון לציון, האָט ער גענומען זינגען די „התקוה" מיט אָט דער פרעמדער מעלאָדיע. „אין יענער צייט האָט מען געזונגען דאָס ליד „משמר הירדן" פון דעם העברייאישן מוזיקער אוגלי, ווי אַ נאַציאָנאַלן הימן, און לויט אונדזערע ציוניסטישע געפילן, איז דער שיר ווערט געווען אָט דעם כבוד. אָבער דאָס האָט זיך

אונדז ג׳שט איינגעגעבן. נישט נאָר „משמר הירדן״, נאָר אויך די איבעריקע מעלאָדיעס פון אוגלי צו ציון־לידער זיינען דורכן עולם נישט אָנגענומען געוואָרן און זיינען מיט דער צייט פאַרגעסן געוואָרן״ . . . ש. כהן שרייבט: „אין יענער צייט זיינען געגרינדעט געוואָרן די קאָלאָניעס רחובות, גדרה, און אין אונדזער נאַאיוו־קייט האָבן מיר געהאַלטן, אַז יעדע קאָלאָניע באַדאַרף האָבן איר אייגן ליד. ראשון לציון — דאָס ליד „האח, ראשון לציון״, גדרה — דאָס „בילו״־ליד „חושו אחים, חושו״, חדרה — דעם שיר פון מ. צ. מאנע (1859־1886) „משאת נפשי״, און רחובות — „התקוה״ . . .

געשען אָבער איז אַנדערש. נ. ה. אימבערס „התקוה״ מיט דער פרעמדער, רומענישער מעלאָדיע איז שנעל פּאָפּולער געוואָרן און פאַרוואַנדלט געוואָרן זינט 1897 ווי דער אָפיציעלער ציוניסטישער הימן.

און די מוזיק צו הירש גליקס „זאָג נישט קיינ־מאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״, — דאָס ליד, וואָס איז אין לויף פון אַ קורצער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַסן־הימן, און ווערט, אין יידיש, העברייאיש, ענגליש און אין פיל אַנדערע שפּראַכן געזונגען אויף יעדער מאַסן־פאַרזאַמלונג און אין פיל ערטער הערט מען עס שטייענדיקערהייט. די מוזיק איז אַזוי ענג און אָרגאַניש צונויפגעוואַקסן מיטן קרעפטיקן און טיף־רירנדיקן טעקסט, ווי זיי וואָלטן פון איין האַרץ און נשמה אַרויסגעקומען. פאַרשיידענע שרייבער און מוזיקער האָבן געמאַכט פאַרשיידענע השערות וועגן דער אָפּ־שטאַם פון דער מעלאָדיע. אָבער על פּי צופאַל האָב איך „אַנטדעקט״ די אמתע פאַרפאַסער פון דער מוזיק — דאָס זיינען די באַקאַנטע סאָוועטיש־יידישע קאָמפּאָ־זיטאָרן דמיטרי און דניאל פּאָקראַס, זיי האָבן זי גע־שריבן צום רוסישן קאָזאַקן־ליד פונעם סאָוועטישן דיכ־טער א. סורקאָוו: „טאָ ניע טוטשי גראָזאָוויע אָבלאַקאַ״. אינעם רוסישן איז דער טעמפּאָ אַ שנעלערער און האָסטיקער, ווי אינעם יידישן. ס׳איז נישט באַקאַנט, צי הירש גליק גופא אָדער עמעץ אַן אַנדערער האָט דער־

נאָך אין ווילנער געטאָ אָדער אין וואַלד צוגעפּאַסט יענע מעלאָדיע צום יידישן פּאַרטיזאַנען־ליד (אויספירלעכער וועגן דעם אין מיין ביכל „הירש גליק און זיין ליד ,זאָג נישט קיינמאָל',“ ניו־יאָרק, 1949, אויך אין מיינע אַר־טיקלען, „יידישע קולטור“, דעצעמבער 1948 און פעב־רואַר 1949).

די „התקוה“ איז אין באַזעל, לויטן פאַרשלאָג פון דוד וואָלפסאָן, אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין 1897, באַשטימט געוואָרן ווי דער אָפיציעלער ציו־ניסטישער הימן, און „זאָג נישט קיינמאָל“ איז פון זיך גופא, אָן פאַרשלאָגן און באַשטימונגען, אָנגענומען גע־וואָרן ווי אַ פאָלקס־הימן, הגם די מעלאָדיעס פון דיביידע לידער־הימנען שטאַמען גאָר פון דער פרעמד, נישט פון ריין־יידישע קוועלן. זיי זיינען איינגעאייגנט און איינגעהיימישט געוואָרן ווי עכט־יידישע מאָטיוון.

דאָס נעמלעכע, און אויף אַנדערע אופנים, איז גע־שען מיט אַנדערע לידער פון באַוואוסטע און ווייניק־באַקאַנטע לידער און מעלאָדיעס, וואָס ווערן די אָפי־ציעלע הימנען פון באַוועגונגען און גרופּירונגען און ווערן מיט דער צייט פאַרהערלעכט און פאַרהייליקט, און טיף פאַרבונדן און נישט צום אָפּטיילן פון דער באַוועגונג.

אַזוי איז דאָך געשען מיט ש. אַנסקיס ליד „די שבועה“, וואָס „איז באַלד אָנגענומען געוואָרן פון דער יידישער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטערשאַפט אַלס די יידישע ,מאַרסעליעזע' און איז עד היום פאַרבליבן דער הימן פון ,בונד' . . . “ (ז. רייזען — „לעקסיקאָן“, ב' 1, ז' 131). פון וואַנעט שטאַמט אָבער די מוזיק צום ליד? אפשר ווייסט עמיצער, אדרבא, לאָמיר הערן וועגן דעם.

און דאָס זעלבע איז מיט ח. נ. ביאַליקס „תחזקנה“, וואָס איז דער הימן פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ישראל (און אויך אין אַנדערע לענדער).

און ווער איז דער פאַרפאַסער פון דער מעלאָדיע?

דער טעקסט פון דער „פּועלי־ציון־שבועה“ „מיר

שווערן, מיר שווערן" איז אָנגעשריבן פון יהושע פעלאָוויץ (לויט ז. רייזען, ב. 2, ז"ז 927־928, אָנגעשריבן אין ווילנע אין 1903), מוזיק — פאַרפאַסט דורכן באַוואוסטן מוזיקער און חזן א. מ. בערנשטיין.

ס'איז איצט שטאַרק פאָפולער דער פּלמ"ח (פּלוגת מחץ)־מאַרש. מ'זינגט אים נישט נאָר אין לאַנד, נאָר אויך אין „גלות", אויף קאָנצערטן און פאַרזאַמלונגען. אין ביכל פון זרובבל גלעד „פּרקי פּלמ"ח" (עין־חרוד, תשי"א) האָבן מיר אינעם אַריינפיר פון ישראל גלילי פּאָלגנדיקע פּרטים וועגן דעם ליד, וואָס האָט געהייסן „מסביב יהום הסער" (אַרום ברומט דער שטורעם). זרובבל, דער יונגער העברייאישער דיכטער, אויפגעוואָקסן אין קיבוץ עין־חרוד, האָט דאָס ליד פאַרפאַסט אין איינער פון די ערשטע פּלמ"ח־מחנות. ער האָט קיין כוונה נישט געהאַט דערביי, עס זאָל ווערן אַ הימן. אין דעם אייגענעם קרייז, אין דער אייגענער חברה האָט מען גענומען זינגען דאָס ליד, וואָס האָט שנעל גענומען וואַנדערן פון איין אָרט צום אַנדערן און מ'האָט עס גענומען זינגען ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן און סיטואַציעס. און עס האָט אַריבערגעוואַנדערט איבער גרענעצן, איבער ימען און ס'ווערט געזונגען אומעטום. די מוזיק איז פאַרפאַסט געוואָרן דורכן ישראל־מוזיקער ד. זהבי.

און ווער איז דער מוזיקער פון דעם פּאָפּולערן איצט הימן „אני מאמין"? (די ווערטער זיינען פון רמב"מס „שלשה עשר עיקרים", וועלכער יעדער „עיקר" הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „אני מאמין"). אין איינינקע ערטער ווערט באַצייכנט די מוזיק ווי אַ פאָלקס־מאָטיוו.

הקיצור, אויך ביי פאָלקס און נאַציאָנאַלע הימנען, ביי די יידישע, ווי ביי פּיל ניט־יידישע, קומט ניט כסדר דער טעקסט מיט דער מעלאָדיע אַראָפּ צוזאַמען. דאָ קומען פאָר אמתע גלגולים, איבערוואַנדלונגען און דער פאָלקס „בית־היוצר", דער קינסטלערישער ווארשטאַט, באַאַרבעט זיי און נישט אַלעמאָל זיינען אונדז געגוי

באַקאַנט די קוואַלן און די קאַנאַלן, פון וואַנעט און דורך וועלכע זיי קומען און ווערן אַריינגעזאַפּט דורך דעם גאַנצן פאָלק.

.11

## דאַריוס מילאָ, קאַראַל ראַטהויז און אַנדערע

גאָר באַזונדערס טיילן זיך אויס די באַוואוסטע מאָדערנע, פראַנצויזיש־יידישע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ אינטערעס צו יידישער מוזיק און געשאַפן ווערק אויף יידישע מאָטיוון. מיר וועלן אויסרעכענען אייניקע נעמען, און מיר רופן אַרויס די מוזיקער אין פראַנקרייך זיך מער צו פאַראינטערעסירן מיט די קאָמפּאָזיטאָרן און זייערע יידישע שאַפונגען.

דאַריוס מילא (Milhaud) געבוירן אין פראַנקרייך אין 1892, דער באַוואוסטער מוזיקער, דער פאַרפאַסער פון אייניקע פּאָפּולערע סימפאָניעס, האָט „חוץ אַלגעמיינע ווערק, געשאַפן אויך אַ ריי קאָמפּאָזיציעס אויף יידישע טעמעס און מאָטיוון — „יידישע פּאָעמעס" א. אַנ. (ה. קאָן — „יידן אין דער מוזיק" אין „יידן", ב. 2, ז' 606). ווי גדאַל זאַלעסקי טיילט מיט, שטאַמט מילאָ פון אַן אַלט־יידישער פאַמיליע. זיין זיידע, יוסף מילאָ, האָט אָרגאַניזירט אין עקס די ערשטע יידישע שול און זיין פאָטער איז געווען דער ראש פון דער דאָרטיקער קהילה. מילאָ איז שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער ליטורגישער מוזיק, און זיינע „יידישע מעלאָדיעס" און „יידישע געזאַנגען" זיינען אַ רעזולטאַט פון אָט־דער יידישער השפּעה, — וועגן דעם האָט ער אַליין דערציילט אין דעם ארץ־ישראל זשורנאַל „מוזיקאַ העבראַאיקאַ" (ג. זאַלעסקי, ז' 119).

דאַריוס מילאָ האָט לעצטנס באַזוכט ישראל אין פאַרבינדונג מיט דער אָפּערע „דער מלך דוד", וואָס ער גרייט איצט, לויט דער באַשטעלונג פון דעם פאַרשטאָרבענעם סערגעי קוסעוויצקי, צוליב דעם פעסטיוואל, וואָס וועט פאָרקומען זומער 1954 אין מדינת ישראל. אין דער ישראל־פּרעסע זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן פיל

אַרטיקלען וועגן דעם באַרימטן פּראָנצוויזיש־יידישן קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער ווייזט אַרויס אַלע יאָרן אַ באַ־וונדערע פּאַראינטערעסירונג צו יידישער מוזיק, צו יידישע מעלאָדיעס. ווי ער האָט דערקלערט אין זיינע שמועסן, אינטערעסירן אים יידישע טעמעס נאָך פון יאָר 1916. יידישע סיוזשעטן און מעלאָדיעס דערשיי־נען ביי אים פון צייט צו צייט אין זיינע אַלגעמיינע שאַפונגען. אין זיינע פריערדיקע אָפּערעס, — ווי עס שרייבט אוליה זילבערמאַן אין „על המשמר" — האָט ער אַרויסגעבראַכט דעם פרייהייט־געדאַנק, וואָס עס ראַנגלען זיך מיט אים די גרויסע פּערזענלעכקייטן סיי פאַר דער מענטשהייט סיי פאַרן אייגענעם פאָלק. „אין זיין אָפּערע ,דער מלך דוד' זעט דאריוס מילאָ די מעג־לעכקייט צו פאַראייניקן די צוויי פעדעם — דאָס עטישע געפיל און דעם פרייהייט־געדאַנק". ווי עס דערציילט א. זילבערמאַן, האָט מילאָ אין זיינעם אַן אַרטיקל וועגן „יידישער מוזיק אין דרום־פראַנקרייך" געשריבן, אַז „דער ספּעציפישער כאַראַקטער פון דער יידישער לי־טורגיע האָט אים טיף באַאיינפלוסט . . . ער האָט צו־געגעבן אַ האַרמאָנישע פאָרם צו אייניקע ראש־השנה־געזאַנגען" . . . „צו דער יידישער טעמאַטיק געהערן זיינע ,דריי יידישע פּאָעמעס'. אין פאַרשיידענע צייטן האָט ער זיך געווענדט צום יידישן מקור. צווישן זיינע לעצטע יידישע מוזיקאַלישע שאַפונגען איז דאָ „עבודת הקודש לשבת" (1950), וואָס ווערט באַצייכנט ווי אַ „גרויסע, רעפּרעזענטאַטיווע ליטורגישע שאַפונג". מילאָ האָט אויך אַ סימפאָנישע פּאָעמע „משה". לויט דער באַשטעלונג פון דעם ישראל־פאַרלאַג פון דעם קאָמפּאָ־זיטאָרן־פאַרבאַנד, האָט מילאָ אָנגעשריבן פאַר דער פּיאַנאָ אַ מוזיקאַליש ווערק „זיבן רערן פון אַ מנורה", געווידמעט די יום־טובים פון ראש השנה ביז שבועות. ער האָט פאַר דער קורצער צייט פון זיין פאַרברענגען אין ישראל באַמיט צו באַקענען זיך מיט דער אָרי־גינעלער ישראל־מוזיק. בעת זיין לעצטן באַזוך האָט מען פיל געשפּילט מילאָס יידישע מוזיקאַלישע שאַ־

פונגען ביי פאַרשיידענע באַגעגענישן און געלעגנהייטן.

הענעך קאָן, דער יידישער קאָמפּאָזיטאָר און דירי־ גענט רעכנט אויס אין זיין דערמאָנטער אָפּהאַנדלונג דעם מוזיקער וולאַדימיר דיק, וואָס „האָט זיך ספּעציאַ־ ליזירט אויף יידישע מאָטיוון און יידישער מוזיק, זיין סימפּאָנישע סיואיטע „יום־טובים" האָט געהאַט אין פּאַ־ ריז אַ היפּשן דערפאָלג", און דעם פּראַנצויזיש־יידישן קאָמפּאָזיטאָר לעאָן אלגאזי, וועלכער האָט „קאָמפּאָ־ נירט און באַאַרבעט דער עיקר יידישע פאָלקס־מאָטיוון. באַוואוסט איז זיין קאָמפּאָזיציע פון ספרדישער קאַמער־ מוזיק לויטן מאָטיוו פון כל־נדרי. ער האָט אויך אָנ־ געשריבן מוזיק צום „דיבוק", וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן אין פראַנצויזישן טעאַטער אין פּאַריז". לעאָן אלגאזי האָט לעצטנס באַזוכט ניו־יאָרק, און אין דעם עמנואל טעמפּל האָט מען לכבוד אים געגעבן פרייטיק צונאַכטס און שבת פרי אַ „מוזיקאַלישע פּראָגראַם" פון זיינע כאָראַלע ווערק. ה. קאָן רופט אויך אָן דעם קאָמ־ פּאָזיטאָר אַלפרעד ראָזע, וואָס „איז באַוואוסט מיט זיינע לידער־קאָמפּאָזיציעס „שיר השירים" א. אַנ." (ז' 607). מ'דאַרף צו זיי אויך צורעכענען דעם פּאָפּולערן קאָמ־ פּאָזיטאָר אַלעקסאַנדער טאַנסמאַן (געבוירן אין 1897, אין לאָדז), וואָס צווישן זיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען זיי־ נען אויך דאָ אייניקע אויף יידישע מאָטיוון. און באַזונ־ דער איז באַקאַנט זיין „העברייאישע ראַפּסאָדיע".

פון די באַוואוסטע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס האָבן אַרויסבאַוויזן אַ אינטערעס פאַר יידישער מוזיק דאַרף מען דערמאָנען דעם גוט־באַקאַנטן קאַראָל ראטהויז (גע־ בוירן 1895), שטאַמט פון טאַרנאָפּאָל, געשטודירט אין ווין, בערלין, — געווען דער דירעקטאָר פון דער בער־ לינער הויך־שול פאַר מוזיק. זינט 1932 האָט ער גע־ לעבט אין לאָנדאָן, פּאַריז און אין 1938 געקומען קיין אַמעריקע. ק. ראטהויז איז באַזונדערס באַקאַנט מיט זיין מוזיק צו „אוריאל אקסטא". לויט זיין מיטטיילונג צו ג. זאַלעסקי (זע ז' 128 פון ג. זאַלעסקיס בוך) האָט ער זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט יידישער מו־

זיק, ווען ער איז פֿאַרבעטן געוואָרן דורך אַ בערלינער יידישן פֿאַרלאַג איבערצוקוקן מוזיקאַלישע שאַפֿונגען פֿון רוסיש־יידישע קאָמפּאָזיטאָרן (גנעסין, אכראָן, וועפּריק, ברידער קריין). אַל. גראַנאָווסקי, דער פֿריִ־ערדיקער רעזשיסער און דירעקטאָר פֿונעם מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער, איז איינגעלאַדן געוואָרן אין בערלין דורך דער „הבימה" צו שטעלן „אוריאל אַקאָסטא", האָט ער באַשטעלט ביי ק. ראַטהויז די מוזיק פֿאַר דער פּיעסע. „איך האָב געשריבן, — זאָגט ק. ראַטהויז — די מוזיק לויט ווי א. גראַנאָווסקי האָט מיר אָנגעצייכנט. איך ווייס נישט ווי ס'איז געשען, אָבער ס'האָט זיך באַקומען יידישע מוזיק". די קאָנצערט סויִ־טע, וואָס ק. ראַטהויז האָט פֿאַרפֿאַסט לויט דער פּאַרטיטורע פֿון „אוריאל אַקאָסטא", האָט גרויס דערפֿאָלג. ק. ראַטהויז האָט אויך פֿאַרפֿאַסט אַ נאָקטיורן „יעקב חלום".

די „הבימה"־אויפֿפֿירונג פֿון „אוריאל אַקאָסטא" מיט אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי (אין בערלין, אָקטאָ־בער 1930) איז געווען אַ וויכטיקע סצענישע געשעעניש, און נישט קיין קליינעם חלק אין דעם דערפֿאָלג האָט געהאַט קאַראָל ראַטהויז מיט זיין אָריגינעלער מוזיק. אין אַן אַרטיקל אין די „ליטעראַרישע בלעטער" (נ' 41־42, 1930) שרייבט ה. סוועט: „די מוזיק האָט גע־שריבן קאַראָל ראַטהויז — אַ פּוילישער ייד, וועלכער געהערט צו די פֿינף אינטערעסאַנטע מוזיק־שעפֿער פֿו־נעם איצטיקן דייטשלאַנד (הינדערמיט, קשענק, טאָך, וויל, ראַטהויז). זינט אַלעקסאַנדער קריין און ל. פּול־ווער האָבן מיר אין יידישן טעאַטער נאָך אַזאַ מוזיק נישט געהאַט. אַ מחיהדיקער, דערקווינדיקער יידי־שער מעלאָס איז דאָ מיט אַזוי פֿיל פֿיינעם געשמאַק און קולטור באַאַרבעט געוואָרן, אַז פֿון אַ סעקונדערער אי־לוסטראַציע־מוזיק איז דאָס געוואָרן אַ זעלבסשטענדיק (מוזיקאַליש) קונסט־ווערק" (ז' 780). אין אַ צווייטן אַרטיקל וועגן אָט־דער אויפֿפֿירונג ווערט געזאָגט: „. . . אין די אַלע בילדער ווערט אַריינגעקלאַנגט די

מוזיק פון קאראָל ראַטהויז, וואָס פאַרכאַפּט און רירט אָן די טיפסטע פאַרבאָרגנסטע סטרונעס" (גיטל מייזיל, „ליט. בל.", ז' 778).

קאראל ראַטהויז, וואָס איז די לעצטע יאָרן שטאַרק מוזיקאַליש פּראָדוקטיוו, האָט, משמעות, מער קיין שאַפונגען אויף יידישע סיוזשעטן און מעלאָדיעס נישט פאַרפאַסט. פּ. גראַדענוויץ דערציילט („טיימס", נ"י, דעם 20טן יאַנואַר, 1952), אַז „ד"ר קאראל ראַטהויז האָט זיך גענומען צו שרייבן אַ קורצע אָפּערע אויף אַ ביבלישער טעמע, — י. קראַמגאָלד און טאנסענד ברעווסטער שרייבן דאָס בוך (אָדער ליברעטא)".

.12

## מאַריאָ קאַסטעלנואָוואָ טעדעסקאָ

מיר קומען איצט צו דעם אינטערעסאַנטן יידיש־איטאַליענישן מוזיקער מיט אַ מאָדנעם לאַנגן נאָמען מאַריאָ קאַסטעלנואָוואָ טעדעסקא (געבוירן אין פלאָרענץ אין 1895). עס איז ביז גאָר אינטערעסאַנט טעדעסקאָס אויספירלעכע שריפטלעכע דערקלערונג (צו ג. זאַלעסקי), ווי אַרום ער איז געקומען צו מוזיק בכלל און צו יידישער מוזיק בפרט. דער פאָטער זיינער איז געווען קעגן דעם, אַז זיין זון זאָל ווערן אַ קינסטלער אָדער מוזיקער. די מוטער אָבער, וואָס אין איר משפחה איז עמעץ געווען שטאַרק מוזיקאַל, האָט געלערנט מוזיק מיט איר זון, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונג קינד. ווען ער איז אַלט געווען אַ צען יאָר, איז זיין זיידע, דער מוטערס פאָטער, גייענדיק פרייטיק צונאַכט אין שול, באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און דערנאָך געשטאָרבן מיט אַ וואונדערלעך־רואיקן טויט. דער זיידע האָט דעם יונגן טעדעסקאָ סוגעסטירט און באַאיינפלוסט צו נעמען זיך צו יידישער מוזיק. אין 1925 איז געקומען אים אין האַנט אַ קליין דין ביכל מיט נאָטן. דאָס האָט דער זיידע גופא פאַרפאַסט מוזיק צו אייניקע תפילות. מערקווירדיק, וואָס קיינער אין הויז האָט נישט געוואוסט, אַז דער זיידע האָט געקאָנט קאָמפּאָנירן. און

„הגם די מוזיק איז נישט געווען פון גרויס באַטייט, איז זי אָבער געווען פון גרויס וויכטיקייט פאַר מיר. איך האָב דאָ געפונען אַ קוואַל פאַר מיין גאַנץ לעבן, סיי אין מוזיק סיי אין גלויבן; ס׳איז געווען אַן אַנט־פּלעקונג, אַ מין סימבאָל פאַר מיין גורל . . . ״ (ז׳ 32).

אַזוי אַרום איז טעדעסקא געקומען צו יידישער מוזיק, און געשאַפן זיין ערשט יידיש ווערק, געווידמעט דעם אָנדענק פון זיין זיידן. די מוטער פלעגט פאַר אים פירזינגען די אַלטע, דעם זיידנס באַליבטע געזאַנגען. פון זיי האָט ער פאַרפאַסט זיין „היברו ראַפּסאָדיע״ (דוד המלכס טענץ). טעדעסקא טיילט אַליין ספּעציעל אויס זיין פידל־קאָנטשערטא (צו נביאים), געשריבן לויטן פאַרלאַג פון יאשא חפץ, וואָס איז אינספּירירט פון יידישן גייסט. די פידל־קאָנצערטא איז צום ערשטן מאָל געשפּילט געוואָרן אונטער דער דירעקציע פון טאָסקאַניני, מיט יאשא חפץ אַלס פידלער־סאָליסט, אין קאַרנעגי האָל מיטן ניו־יאָרקער פילהאַרמאָניק אָרקעס־טער אַפּריל, 1933.

זיין פידל־קאָנטשערטא האָט ער געשריבן אין דער גרויליקער צייט פון די אַנטי־יידישע עקסצעסן אין אייראָפּע און ס׳איז געווען ביי אים דער ווילן צו רע־אַגירן אויף זיי מיט אַ גרויס ווערק, וואָס זאָל ברענגען צום אויסדרוק אַלדי הערָאָאישע און גרויזאַמע געפילן און איבערלעבענישן, און דורך די מוזיק־קלאַנגען זאָל אַרויסגעבראַכט ווערן די שטימען פון די מאַסן, די שטים פון דער נאַטור און די שטים פון גאָט. אַן אַמ־ביציעזער פּלאַן פון אַ גרויסן פאַרמעסט איז געווען אָט די אויפגאַבע פאַר זיין ווערק (זע אויספירלעכער — ג. זאַלעסקי, ז״ז 31־34).

ער האָט אויך פאַרפאַסט צוויי אָראַטאָריעס „רות״ און „יונה״.

.13

# השפעות פון די רוסישע און יידישע קאָמפּאָזיטאָרן

די אויסגערעכנטע יידיש־פראַנצויזישע, יידיש־איטאַליענישע קאָמפּאָזיטאָרן זיינען געווען אינספּירירט פון דער באַוואוסטער גרופּע יידיש־רוסישע מוזיקער, וועלכע האָבן מיט אַ באַזונדערן אייפער געגראָבן אין די טיפענישן פון דער יידישער פאָלקס־מוזיק און אַרויסאַנטפּלעקט פון דאָרט רייכע אוצרות. אָט־די גרופּע יידישע מוזיקער זיינען געווען געשטויסן דורך די גרויסע מוזיקער באַלאַקירעוו, רימסקי־קאָרסאַקאָוו, וואָס האָבן געגעבן דעם ערשטן אימפּולס די יונגע יידישע מוזיקער צו זאַמלען יידישע מעלאָדיעס, פּונקט ווי זיי, די רוסישע מוזיקער, האָבן זיך גענומען אַרויס־צואַנטפּלעקן נאַציאָנאַל־רוסישע מאָטיוון און געזאַנגען און באַקעמפּט די „פרעמדע" קלאַסישע אָדער פּסיידאָ־קלאַסישע מוזיק אין די רוסישע מוזיקאַלישע שאַפונ־גען. דערנאָך זיינען געקומען זייערע תלמידים, די שפּעטערדיקע רוסישע מוזיקער טאַנעיעוו, איפּאָליט־איוואַנאָוו, — די לעצטע צוויי זיינען, אגב, געווען די לערער פון יואל ענגעל.

ד״ר פּ. גראַדענוויץ, רעדנדיק אין זיין העברייאישן בוך „המוסיקה בישראל" וועגן יואל ענגעל, שרייבט צווישן אַנדערן: „אין דער צייט, ווען ענגעל האָט אויף זיך כלל נישט גענומען די ראָלע צו שאַפן קינסטלע־רישע מוזיק אין ברייטן זינען פון וואָרט, האָבן די (יידישע) קאָמפּאָזיטאָרן פון זיין קרייז, פון ייגערן דור אָנגעהויבן זיך באַנוצן מיטן יידישן פאָלקס־ליד און מיט די יידישע ליטורגישע געזאַנגען פאַר קאָמפּאָ־זיציעס פון אַ ברייטערן פאַרנעם — און נאָך מער: זיי האָבן גענומען שאַפן מעלאָדיעס צוגעפּאַסט צום מע־לאָס פון יידישן געזאַנג" (ז' 122). ד״ר פּ. גראַ־דענוויץ רעכנט אויס ש. ראָזאָווסקי (געב. 1878), ל. סאַמינסקי, קריין, גנעסין (אַלע דריי געבוירן אין 1883),

משה מילנער, יוסף אכראָן (1886־1943), און ער גיט צו: „די־אָ דערמאָנטע קאָמפּאָזיטאָרן זיינען געווען די וויכטיקסטע גרונטלייגער פון דער יידישער מוזיק. זייערע אידייען, זייערע שאַפונגען, זייערע טעטיקייטן האָבן נישט נאָר דערצויגן דעם ייִנגערן דור פון די יידישע מוזיקער אין רוסלאַנד (א. וועפּריק) און זיי באַווירקט, נאָר זיי האָבן אויך דערוועקט אַ אינטערעס ביי די מוזיקער פון די יידישע ישובים אין איראָפּע און אַמעריקע צו די שאַפונגען און שטרעבונגען פון אַ נייער יידישער מוזיק". ד"ר גראַדענוויץ דערמאָנט די נעמען פון לעאָן אלגאזי אין פּאַריז, יהויכין (יאָאכים) סטוטשעווסקי[1] אין ווין (איצט אין ישראל), אליסע יאקאָב־לעווענסאָן[2] פון בערלין (איצט אין ירושלים), מ. קאסטעלנואָוואָ טעדעסקא אין איטאַליע, א. מ. ראַטמולער אין יוגאָסלאַוויע.

ווען מען רעדט וועגן השפעות פון די יידישע מוזיקער און מ'וויזט אָן אויף דעם אויפגעוואַכטן אינטערעס צו יידישער מוזיק, באַדאַרף מען זיך אָפּשטעלן אויף דעם „מיילאם" (מכון ארץ־ישראל למדעי המוסיקה) אין ניו־יאָרק. ראָזע שאָמער־באַטשעליס, די טאָכטער פון שמ"ר, אין אַ בריוו צו אונדז (ער איז פאַרעפנטלעכט אין „יידישע קולטור", אַפּריל 1952), דערציילט, ווי אין 1932, האָט איר שוועסטער מרים שאָמער־צונזער, צוזאַמען מיט פּראָפ. שלמה ראָזאָווסקי און יוסף אכראָן אָרגאַניזירט די געזעלשאַפט „מיילאם", וואָס דער „צוועק פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען, ערשטנס: צו געבן פינאַנציעלע שטיצע דער קאָנסערוואַטאָריע פון יידישע

1) יהויכין סטוטשעווסקי האָט אין „גאָלדענע קייט" (פּרץ־נומער), נ' 10, תל־אביב, פאַרעפנטלעכט אַן אינטערעסאַנטן אַרטיקל „פּרץ אין דער מוזיק" (ז"ז 108־114).

2) אליסע יאקאָב־לעווענסאָן האָט אָנגעשריבן די אָפּהאַנדלונג „אַנטוויקלונג פון דער יידישער מוזיק" (אַריינפיר, ליטורגישע מוזיק, סינאַגאָגאלע מוזיק, פאָלקס־מוזיק, חסידישע ניגונים, טעאַטער־מוזיק, מאָדערנע יידישע מוזיק), אין באַנד „יידן" ב, „אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע" (פּאַריז, 1940, ז"ז 577־602).

מוזיק אין ירושלים, און צווייטנס, צו העלפן סטימולירן דאָס שאַפן און פאַרשפּרייטן פון יידישער מוזיק.

„דער ,מיילאַם' האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס ניט נאָר ביי סתם מוזיק־ליבהאָבער, נאָר אויך ביי אַזוינע באַרימטע ווירטואָזן ווי יאשע חפץ, מישא עלמאַן, בראַ־ ניסלאוו הובערמאַן, אסיפ גאַברילאָוויטש, לעאָפּאָלד גודאָווסקי און אַנדערע, און אויך ביי יידישע קאָמפּאָזי־ טאָרן ערנעסט בלאָך, לאזאר סאמינסקי, פּראָפ. ווייב־ שטיין, א. וו. בינדער, און די יידן־מוזיק דזשאָרדזש גוירשווין, קאָרנגאָלד, ראובן גאָלדמאַרק, קורט וויל, ערנעסט שאך און דאריוס מילאָ פון פראַנקרייך. דער פּיאַניסט אסיפּ גאַברילאָוויטש איז דערוויילט געוואָרן אַלס ערן־פּרעזידענט" (ז' 17).

גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון יידישער מוזיק האָט דער אָרקעסטער „הלוי", וואָס פירט אָן זיינע מוזיקאַלישע טעטיקייט אין שיקאַגע זיבנט 25 יאָר. דאָ נישט לאַנג האָט די פאַרדינסטפולע מוזיקאַ־ לישע אינסטיטוציע געפייערט אירע 25 יאָר פּראָדוק־ טיוו־שאַפערישע טעטיקייטן. דער אָרקעסטער באַשטייט פון 60 מיטגלידער, וואָס קומט פון פאַרשיידענע עקן שטאָט יעדן מיטוואָך אָוונט צו שטודירן און פּרובירן ערנסטע מוזיקאַלישע שאַפונגען, אונטער דער פירונג פונעם גרינדער און באַגייסטערער פונעם אָרקעסטער חיים רעזניק. די אַרבעטן און די אויפטוען פון „הלוי" פאַרדינען זיכער מער פּאָפּולאַריטעט. הלוואי וואָלטן אַזעלכע מוזיקאַלישע אינסטיטוציעס געשאַפן געוואָרן אויך אין אַנדערע גרעסערע שטעט.

מ'דאַרף נאָך דערמאָנען די באַוואוסטע קאָמפּאָזי־ טאָרן: דעם שפּאַניער „מאנועל דע פאַלאַ (1876־1946), וואָס אין אָנהויב פון זיין באַלעט „דער דריי עקיקער הוט" האָבן מיר אַ יידישן מאָטיוו; דעם גרויסן אונ־ גאַרישן קאָמפּאָזיטאָר בעלא בארטאָק (1881־1945), וואָס אין זיין טאַנץ־סיואיטע האָבן מיר יידישע מעלאָ־ דיעס; דעם באַוואוסטן רומענישן מוזיקער דזשארדזש ענעסקא (געב. 1881), וואָס גיט אונדז אויך יידישע מאָ־

טיוון אין זיין „רומענישער ראַפּסאָדיע", נומ. 1 און 2 (יידישע וואָלאַכס); דעם אונגאַרישן קאָמפּאָזיטאָר זשאלטאן קאָדאלי (געב. 1882), וואָס אויסער די יידישע מאָטיוון און זיינע „טענץ פון גאלאנטא", האָט ער אפילו אָנגעשריבן מוזיק פאַר „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד" (ווי לאזאר וויינער גיט מיר איבער, איז עס גע־דרוקט געווען אין אַ בודאַפּעסטער אויסגאַבע).

און לאָמיך, אַ נישט־פּראָפעסיאָנעלער מוזיקער, ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַכמענער־מוזיקער צו דעם, אַז אין בראַמס „וואַריאַציעס אויף אַ הענדל־טעמע" הערן מיר גאַנץ קלאָר די מעלאָדיע, וואָס יואל ענגעל האָט אַריינגעבראַכט אין דעם בעטלער־טאַנץ אינעם צווייטן אַקט פון „דיבוק" אין דער „הבימה". און נאָך עפּעס: הערן מיר נישט דעם מאָטיוו פון מ. וואַר־שאַווסקיס „אויפן פּריפּעטיק" אין גוסטאַוו מאהלערס ערשטער סימפאָניע?

.14

## יידיש־אַמעריקאַנער מוזיקער

און איצט קומען מיר צו די יידיש־אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס פאַרנעמען אַ גאַר וויכטיקן, אַנגע־זעענעם אָרט אין דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער מאָ־דערנער מוזיק און זיינען אירע גרונטלייגער און פּיר־שפּרעכער. האָבן זיי אַרויסבאַוויזן אויך אַן אינטערעס צו יידישער טעמאַטיק און צו יידישע מעלאָדיעס, טרעפן מיר אין זייערע מוזיקאַלישע שאַפונגען השפעות פון יידישער מוזיק, געפינען מיר ביי זיי שפּורן פון יידישן אָפּשטאַם? דאָס איז אַ וויכטיק פּראָבלעם, און יידישע מוזיקער, מוזיקאָלאָגן באַדאַרפן זיך פאַרנעמען גאָר ערנסט מיט אָט־דער פראַגע און זעען געבן אויף דעם אַן אויסשעפּנדיקן ענטפער. מיר וועלן דאָ, אין אונדזער אַרטיקל, בלויז באַרירן און אָנרעגן דאָס פּראָבלעם.

לאָמיר בקיצור דערמאָנען בלויז אייניקע פון די באַוואוסטע קאָמפּאָזיטאָרן, די צאָל זייערע איז פיל גרעסער.

זיגמונט ראָמבערג (1951-1887). ער איז געבוירן אינעם יידישן אונגארישן שטעטל שיגעט און געקומען קיין אַמעריקע אין 1909, וואו ער איז גאַר אינגיכן געוואָרן זייער שטאַרק פּאָפּולער אַדאַנק זיינע פאַרשיי־דענע מוזיקאַלישע פּראָדוקציעס צו פאַרשיידענע פּיע־סעס, אָפּערעטעס. איז דאָ צווישן זיינע צענדליקער מו־זיקאַלישע שאַפונגען עפּעס וואָס יידישעס ? מיר דאַכט זיך, אַז נישט, לחלוטין נישט.

אירווינג בערלין (געב. אין 1888). זיין אמתער נאָמען איז ישראל באַלין, שטאַמט פון דרום־רוסלאַנד, אַ זון פונעם חזן משה באַלין. ער איז געבראַכט גע־וואָרן קיין ניו־יאָרק אין עלטער פון 5 יאָר. ער איז איינער פון די אָנגעזעענסטע פאַרפאַסער פון לידער און מוזיק (טעקסט און מעלאָדיעס) מיליטערישע, פּאַטריאָ־טישע, עכט־אַמעריקאַנער, אייניקע שיער נישט נאַ־ציאָנאַלע הימנען. ער האָט פיל בייגעשטייערט צו דער אַמעריקאַנער מוזיק. ספּעציאַליסטן־מוזיקער באַדאַרפן אַרויסגעפינען, צי אין דער מוזיק פון ישראל, משה חזנס זון, קאָן מען אָנטרעפן ערגעץ־וואו אַ זכר, אַן אָנדייטונג אויף יידישע מאָטיוון.

דזשאָרדזש גוירשווין (1937-1898), געבוירן און אויפגעצויגן אין דעם יידישן ברוקלין. אין דעם ביאָ־גראַפישן פילם „דזשאָרדזש גוירשווין", וואָס איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אויפגעפירט געוואָרן, איז דער לייט־מאָטיוו (וואָס באַגלייט סצענעס פון דעם יונגן גוירשווין אין זיין עלטערן־הויז) — מ. מ. וואַרשאַווּ־סקיס „אויפן פריפעטשיק ברענט אַ פייערל". אָבער צי טרעפן מיר ערגעץ־וואו אין גוירשווינס פּרעכטיקע קאָמפּאָזיציעס יידישע מאָטיוון, — דאָס איז אַ פראַגע, וואָס וואַרט אויף אַן ענטפער. דער פאַרפאַסער פון דער פאָלקס־אָפּערע „פּאָרגי און בעס", פון דער איינאַקטי־קער נעגער־אָפּערע „135־טע סטריט", פון נאָך און נאָך מוזיקאַלישע שאַפונגען ביז „דער אַמעריקאַנער אין פּאַ־ריז" האָט, משמעות, נישט געהאַט קיין אינספּיראַציע צו שאַפן קאָמפּאָזיציעס פון יידישע מאָטיוון, אויף יידי־

שע סיוזשעטן, כאַטש אויף דער טעמע — „דער ייד אין אַמעריקע״. ווי לאַזאַר ווײַנער גיט מיר איבער, האָט דזשאָרזש גוירשווין, ווען זיי האָבן ביידע געשטודירט מוזיק ביי איין לערער, אים דערציילט, אַז ער טראָגט זיך אַרום מיטן געדאַנק צו שאַפן מוזיק פאַר דעם „דיבוק״, און ער האָט שוין אפילו געזאַמלט מאַטעריאַל און געגרייט די ליברעטא. אָבער „גוטע״ פריינט האָבן אים אָפּגערעדט דערפון, און אַנשטאָט דעם „דיבוק״, האָט גוירשווין זיך גענומען צו „פּאָרגי און בעס״. ס׳איז אַ גרויסער, גרויסער שאָד, וואָס גוירשווין האָט געפאָלגט זיינע עצה־געבער און נישט פאַרמאָסטן זיך מיט זיין טיף־איינגאַרטיקן טאַלענט אויף אַ יידיש ווערק.

אראָן קאָפּלאַנד (געב. 1909), — אויך אַ קינד פון ברוקלין. ער האָט אַרויסבאַוויזן אַ טיפע פאַראינטערעסירונג צום אַמעריקאַנער קאָובאָי, צו ראָדעאָ, צו מעקסיקאַנער, קובאַנער פאָלקס־געזאַנגען, זיי פּרעכטיק אַרויסגעבראַכט אין זיינע פאַרשיידנאַרטיקע ווערק. דערווייל ווייסן מיר ביי אים בלויז די קאָמפּאָזיציע „אין אָנפאַנג״ (אינספּירירט פון דער ערשטער פּרשה „בראשית״ — סאָלאָ־געזאַנג מיט כאָר) און זיין טריאָ „וויטעבסק״. ווי פּ. גראַדענוויץ גיט איבער (אין זיין מיטטיילונג אין ניו־יאָרקער „טיימס״) האָט „אראָן קאָפּלאַנד צוגעזאָגט צו שרייבן אַ ווערק, וואָס זאָל ברענגען צום אויסדרוק זיינע איבערלעבענישן אָדער זכרונות פון ישראל, וואָס ער האָט באַזוכט דעם לעצטן זומער״. הלוואי! אראָן קאָפּלאַנד איז אַ גייסטרייכער מענטש מיט אַ טיפער פאַרשטענדעניש פאַר פאָלקס־אייגנאַרט.

מאַרק בליצשטיין (געב. 1905), אַ יידיש קינד פון פילאַדעלפיע, געלערנט דערנאָך אין בערלין, פּאַריז, אַרויסגערוקט זיך ווי אַ קאָמפּאָזיטאָר, פּיעסעס־פאַרפאַסער און פּיאַניסט. פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט צווישן די וויכטיקסטע אַמעריקאַנער מוזיקער, איינער פון די זוכער און אויסטרעטער פון נייע ווערק. ג. זאַלעסקי אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן מאַרק בליצשטיין שרייבט: „מען האָט געפרעגט ביי מאַרק בליצשטיין,

ווי איז אַריינגעדרונגען ,יידישעס' אין דער מוזיק פונעם 4־טן אַקט פון זיין „ניין, איז דער ענטפער!" און נאָך מער — אין איינער פון די מעלאָדיעס פון זיין „דאָס ווינגל וועט זיך וויגן". האָט ער געענטפערט: „איך ווייס נישט ווי ס'קומט אַהין אַריין. ס'איז פּשוט אַרויסגע־קומען אומבאַוואוסט פאַר מיר אַליין. איך האָב מסתמא ערגעץ־וואו געהאַט איר מיר. איך בין גליקלעך, וואָס עס איז אַרויסגעקומען". משמעות, קיין באַוואוסטזיניקן צוגאַנג און אינטערעס פאַר יידישער מוזיק האָט מאַרק בליצשטיין נישט!

וויליאַם האָוואַרד שומאַן (געבוירן אין 1910), אַ ייד פון ניו־יאָרק, איינער פון די מאָדערנסטע, ראַפּי־נירטסטע קאָמפּאָזיטאָרס, איבערראַשט מיט זיינע מוזי־קאַלישע שאַפונגען די מוזיקאַלישע וועלט און אפילו די מוזיקאַלישע יודעי־חן. צי האָט ער ערגעץ־וואו יידישע מעלאָדיעס אָדער יידישע קנייטשן — דאָס זאָלן זאָגן מוזיקער.

דער באַוואוסטער יידיש־אַמעריקאַנער קאָמפּאָזי־טאָר דוד לעאָ דיאַמאָנד (געבוירן אין ראָטשעסטער אין 1915), וואָס האָט אויף זיין קרעדיט עטלעכע סימפאָ־ניעס, פאַרשיידענע קאָנטשערטאָס, קוואַרטעטס, סאָנאַ־טאָס, האָט אויך פאַרפאַסט מוזיק פאַר „קבלת שבת", וואָס איז געזונגען געוואָרן פאַראַיאָרן אין אַ היגן טעמפּל און האָט שטאַרק אויסגענומען ביי די מבינים.

גאָר אַן אויסנאַם צווישן די יידיש־אַמעריקאַנער באַ־וואוסטע קאָמפּאָזיטאָרן איז דער יונגער קוועקזילבער־דיקער פלאַמפּייערדיקער מוזיקער, פּיאַניסט, דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר לעאָנאַרד בערנשטיין (געב. אין 1918). ער איז געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן אין באָסטאָן אין אַ גאַנץ יידיש, נאַציאָנאַל־רעליגיעז הויז. ווי דער באָסטאָנער טוער ב. כאַלפן (אין ענטפער אויף מיין אָנ־פראַגע) שרייבט מיר, איז לעאָנאַרדס (אָדער ווי מ'רופט אים אין באָסטאָן — לעני) זיידע, דעם פאָטערס פאָ־טער, „געווען אַ פרומער און וואויל־געלערנטער ייד. זיינע שאַפעס זיינען פול געווען מיט ש"ס און אַנדערע

יידיש־רעליגיעזע ספרים. לעני איז געוואַקסן אונטער דעם זיידנס השגחה אָדער השפּעה. קינדווייז און יונ־גערהייט האָט ער גערעדט יידיש און אויך געקאָנט העברייאיש". לעני האָט אויך געלערנט תנ"ך, ווייל זיין פאָטער איז אַ יודע ספר און לייענט העברייאיש. די יידישע ניגונים און מעלאָדיעס האָט ער געהערט אין זיין עלטערנס הויז און זיכער אויך — אין שול, וואו ער איז געגאַנגען מיטן זיידן און פאָטער דאַוונען. און עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך, וואָס ער האָט פאַר־פאַסט (אין עלטער פון קוים 25 יאָר) די סימפאָניע „ירמיהו", וואו ס'זיינען אַריינגעפלאָכטן מאָטיוון און פסוקים פון „איכה", פונעם קאַפּיטל „אני הגבר", און באַזונדערס אינעם סאָלאָ־געזאַנג פון דער פרוי, וואָס וויינט און קלאָגט אויפן חורבן.

אינטערעסאַנט איז, וואָס לעאָנארד בערנשטיין האָט צווישן זיינע פאַרשיידענע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע ער האָט פאַרפאַסט פאַר די עטלעכע יאָר פון זיין שאַפן, אויך אַ כאָראַל־יידישע קאָמפּאָזיציע „השכיבנו". ל. בערנשטיין איז ענג פאַרבונדן מיטן פילהאַרמאָנישן ישראל־אָרקעסטער און אַדאַנק זיינע אָפטע באַזוכן אין מדינת ישראל, איז דער יונגער יידישער ענטוזיאַסטישער לעני באַזונדערס באַאיינפלוסט פון דעם שאַפעריש־בוי־ענדיקן לאַנד, און ווי ער האָט פאַרזיכערט, האָלט ער אין שאַפן איצט אַ גרעסער יידיש מוזיקאַליש ווערק, וואָס זאָל ברענגען צום אויסדרוק זיין באַגייסטערונג פאַרן לאַנד און פאַרן דאָרטיקן לעבן.

## 15.

## די אַלטע אַרבעטער „שבועה"

אינעם קאַפּיטל 10 האָבן מיר גערעדט וועגן פאַר־שיידענע יידישע, נאַציאָנאַלע און פּאַרטייאישע, הימ־נען, וועגן זייער יידישן טעקסט און דעם פרעמדן אָפּ־שטאַם פון זייער מוזיק. ס'איז וויכטיק זיך אָפּצושטעלן אויף נאָך אַ הימן, אויף אַן „אַרבעטער־שבועה", וואָס שטאַמט פון אָנהייב די 90־קער יאָר פונעם 19־טן יאָר־

הונדערט. דער טעקסט ווערט געבראַכט אין דער זאַמלונג „פאָלקלאָר־לידער", צוגעגרייט צום דרוק דורך ז. סקודניצקי (פאַרלאַג „עמעס", מאָסקווע, 1933, 148 ז"ז). דער טעקסט צוזאַמען מיט די נאָטן איז אויך פאַרעפנטלעכט (אין רוסיש) אין מ. בערעגאָווסקיס רוסישן בוך „יעווריעיסקי מוזיקאַלני פאָלקלאָר" (מאָסקווע, באַנד 1, 1934, 268 ז"ז, אויסגאַבע פון דעם מלוכהשן מוזיקאַלישן פאַרלאַג, אונטער דער רעדאַקציע פון מ. ווינער). ביי מ. בערעגאָווסקי זיינען געבראַכט צוויי וואַריאַנטן פון דער „שבועה". דער ערשטער וואַריאַנט הויבט זיך אָן מיט די פיר שורות (ז"ז 205־206):

„ווי הייליק איז די נאַטור
מיט אירע פרייע פירונג,
אמת און ליבע —
איר צירונג, איר שמוק".

אַזוי ווי דער טעקסט איז אומבאַקאַנט און די דערמאָנטע ביכער זיינען אויך וויניק ווערן באַוואוסט, ברענגען מיר דאָס ליד, לויט דעם צווייטן וואַריאַנט.

אַ שיינעם ווייגאָרטן האָבן מיר פאַרפלאַנצט,
זיינע בלומען רויט, ראָז און ווייס,
נאָר ווילדע חיות האָבן עס צעטראָטן,
אמת און ליבע האָבן זיי פאַרביטן אויף קנאה, שנאה און שקלאַפעריי.

לאָמיר לייגן אויפן האַרצן די רעכטע האַנט
און באַשווערן זיך מיט סאָוועסט[1] איצט,
אַז דורך טויט און לעבן ווי אַן אייזערנע וואַנט,
ווען דאָס שווערד פון אמת בליצט.

און ווען איינער פון אונדז איז צו שוואַך געווים,
דען צו גיפטיק איז דער קאַפּיטאַל,
ווי פון דעם שלאַנג דער ביס.

ווען מיט אמת און ליבע געבונדן
אונדזער בונד שטייט, ווי אַ מויער שטייט גאַנץ פעסט,
פאַרגייט די זון, — אין אונדזער האַרץ אָנגעצונדן,
די זון פון פרייהייט גייט אויף.

1) געוויסן.

די נקמה פאָדערט אונדזער בלוט,
פון אונדזער געזונט וואַקסט שטענדיק זייער גוטס,
גוטס און רייך ציען זיי פון אונדזערע ביינער,
דאָך טרעט מען אונדז אַזוי ווי די שטיינער.
דאַרום, ברידער און שוועסטער, גיט זיך אַלע די הענט,
און באַשווערט זיך ביי דעם פלאַקער, וואו דער פייער ברענט,
מיר זיינען דער פראָלעטאַריאַט, דאָס הייסט, דער פראָסטער נאראד.[1]
די קייטן, די שווערד מוזן מיר צעררייסן,
דעם יאָך, דעם שווערן אַרונטערצושמייסן,
טאָ שרייט: „נאראָד, ווּפּעריאָד!“[2]
ברידער, נאָמיר זיך דערוואַכן,
פון טיראַנעריי אַן ענדע מאַכן.
מיר מוזן צעטרעטן די טיראַנעריי
און מאַכן רוסלאַנד פריי. (ז׳ 206).

מ. בערעגאָווסקי (אין זיין פאָררעדע צום רוסישן בוך) שרייבט וועגן דער מעלאָדיע פונעם ליד אָט־וואָס: „...די מעלאָדיע פון דער אַזוי־גערופענער אַלטער אַרבעטער־,שבועה׳(פייערלעכע שבועה, געשאַפן אין די יאָרן 1895־1896) איז צונויפגעשטעלט פון דער פאַראייניקונג פון דריי פאַרשיידענע מעלאָדיעס. די ערשטע מעלאָדיע איז גענומען פונעם ערשטן טייל פון רוסישן קירך־הימן „קאָל־סלאַווען“, די צווייטע — פון דער פאָפולערער, פאַרשפרייטער מעלאָדיע פון אַ דייטשישן ליד (די זעלבע מעלאָדיע, וואָס איז אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע צוגעפּאַסט געוואָרן צו דעם פּיאָנערישן רוסישן ליד „ווּפּעריאָד זאַריע באָווסטרעטשו“ — פאָראויס דעם מאָרגנשטערן אַנטקעגן), און די דריטע — אַ געווײנלעכער „גאַלאָפּ“ פונעם רעפּערטואַר פון די פּאַרק־אָרקעסטערס. אָט די מעלאָדיעס, — שרייבט מ. בערעגאָווסקי — נישט באַקאַנט דעם יידישן צוהערער און נישט נאָענט צו דער יידישער סביבה, האָבן דאָך נישט אָפּגעשטויסן די (יידישע) אַרבעטער און נישט אַרויסגערופן ביי זיי קיין אַסאָציאַציעס, מיט

1) פאָלק. 2) פאָלק, פאָראויס!

װעלכע די מעלאָדיעס זײַנען פֿאַרבונדן. דאָס ייִדישע פֿאָלקלאָריסטישע אַרבעטער־ליד האָט אױסגענוצט דעם פֿײַערלעכן כאַראַקטער פֿון די מעלאָדיעס, עס האָט אָבער נישט אַרױסגערופֿן בײַ די ייִדישע אַרבעטער קײן שום רעליגיעזע און שטײַגער־אַסאָציאַציעס" (ז' 21). אין דער באַמערקונג גיט צו מ. בערעגאָװסקי, אַז דער טעקסט פֿונעם דײַטשן ליד (צו װעמען עס געהערט די דערמאָנטע צװײטע מעלאָדיע) איז „אַ פּאַטריאָטיש־רע־אַקציאָנערער": „אַנדרעאַס האָפֿער־ליד פֿון יוליוס מאָזען, קאָמפּאָנירט פֿון לעאָפּאָלד קנעבעלסבערגער, — געבוירן אין 1814, געװען דירעקטאָר פֿון אַ װאַנדער־דיקער טרופּע ציגײַנער. אָט די מעלאָדיע, לויט אײ־ניקע ידיעות, איז אין די לעצטע יאָרן צוגעפּאַסט גע־װאָרן פֿאַר אַ דײַטשיש פֿאַשיסטיש ליד".

דער געװײנלעכער גלגול פֿון אַ ניגון!

## 16.

## טעאַטער־מוזיק. — אברהם גאָלדפֿאַדן

ייִדישע מוזיק, ייִדישע מעלאָדיעס, ייִדישע פֿאָלקס־לידער האָבן געפֿונען פֿאַר זיך אַ ברײט און דאַנקבאַר פֿעלד אין דעם ייִדישן טעאַטער, װאָס האָט פֿאַריקן יאָר געפֿײַערט זײַן 75־טן געבורנטאָג (זינט אברהם גאָלד־פֿאַדן האָט אין 1876 געלײגט דעם פֿונדאַמענט פֿאַר זײַן טעאַטער). ס'איז נאָך, לײדער, ביז איצט נישט געשריבן געװאָרן קײן פֿולע, אױסשעפּנדיקע געשיכטע פֿונעם ייִדישן טעאַטער, װעגן אַלע זײַנע איבערװאַנד־לונגען, און אַװדאי האָבן מיר נישט קײן ברײטע, אַרומ־נעמענדיקע אָפּהאַנדלונג װעגן דער ראָלע, באַטײַט און װעגן דעם אָפּשטאַם פֿון דער מוזיק אינעם ייִדישן טע־אַטער איבער גאָר דער װעלט.

אין דעם אַרטיקל „אַנטװיקלונג פֿון דער ייִדישער מוזיק" (אליסע יאַקאָב־לעװענזאָן — אַלגעמײנע ענ־ציקלאָפּעדיע, ייִדן, ב' 2, 1940) װערט געזאָגט: „דאָס מזרח־ייִדישע פֿאָלק־ליד איז צום טײל אַריבערגעגאַנגען אין דער מזרח־ייִדישער אָפּערעטע, צום טײל איז עס

פון איר אַרויסגעקומען, צום טייל מישט מען עס אָפּט אויס מיט די ,שלאַגערס׳ פון דער אָפּערעטע״. עס ווערט, פאַרשטייט זיך, דערמאָנט אברהם גאָלדפאַדן (1840־1908), „דער פאָטער פון דער מזרח־יידישער אָפּערעטע, וואָס ווערט אויך אָנגערופן דער ,יידישער אָפּענבאַך׳, וועלכער האָט אָנגעשריבן טעקסט און מוזיק צו העכער 60 יידישע אָפּערעטעס . . . זיין אונטער־נעמונג מוז מען באַטראַכטן ווי אַ מין המשך פון יענע אַלטע־יידישע קאָמעדיע־שפּילן, און זיין מוסטער האָט מען נאָך געקאָנט שטאַרק שפּירן סיי אין גראַנאָווסקיס טעאַטער, סיי נאָך היינט אין פוילן און אין אַמעריקע, און קודם כל אין ארץ־ישראל. אַוודאי פון אברהם גאָלדפאַדנס קופּלעטן ביז צו דער בינע־מוזיק, וואָס איז געשריבן געוואָרן פאַר די ארץ־ישראלדיקע טעאַטערס „הבימה״, „אוהל״ און אַנד. איז עפּעס אויפגעטאָן גע־וואָרן אין דער יידישער טעאַטער־מוזיק. פאַר דער צייט — שרייבט א. יאקאָב־לעווענזאָן — האָט מען אַוועק־געוואָרפן אַ סך זאַכן, וואָס שמעקן מיט ביליקע גאַסן־קופּלעטן ; פאָלקלאָריסטישער מאַטעריאַל ווערט נאָך היינט אויך באַנוצט, אָבער עס איז צוגעקומען די טעכ־ניק פון דער מאָדערנער טעאַטער־מוזיק. באַדייטנדיקע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס זיינען אויך אינטערנאַציאָנאַל גע־ווען אָנערקענט, האָבן ניט געהאַלטן די דאָזיקע אויפ־גאַבע פאַר צו־נידעריק פאַר זיך״ (ז׳ 597). עס ווערן אויסגערעכנט די נעמען : קאראל ראָטהויז, יוסף אכראָן, א. קריין, ש. ראָזאָווסקי, וואַרדינה־שלאָנסקי, קורט ווייל, פּאול דעסאו. פאַרשטייט זיך, אַז די צאָל נעמען פון די יידישע מוזיקער, וואָס האָבן געשריבן פאַרן יידישן (און העברייאישן) טעאַטער איז פיל, פיל גרע־סער. און ס׳דאַרף קומען דער ראַיעלער פאָרשער און אויפזאַמלען די אַלע נעמען און אַרויסברענגען זייערע אויפטוען און דערגרייכונגען אויף אָט־דעם געביט.

איז טאַקע קודם כל וועגן אברהם גאָלדפאַדן און וועגן דער מוזיק צו זיינע פּיעסעס. וועגן דעם זיינען דאָ, ווי באַקאַנט, שאַרפע חילוקי־דעות (זע גענויער אין

„לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער“ פון ז. זילבערצווייג און
יעקב מעסטל, ב׳ 1, ניו־יאָרק, 1931, ז״ז 347־352).
דער באַוואוסטער מוזיק־פאָרשער א. צ. אידעלסאָן
שרייבט : „. . . גאָלדפאַדן האָט אַרויסבאַוויזן אַ סך
דראַמאַטישע טעכניק און מוזיקאַלישן געשמאַק אין זיין
צופּאַסן חנעוודיקע ניגונים, וואָס קאָנען אַפּעלירן צו די
יידישע מאַסן. די ניגונים זיינען פיין צוגעקליבן, אויך
בנוגע דעם דראַמאַטישן עפעקט וועלכן זיי דאַרפן אי־
בערלאָזן . . . דער אַקאָמפּאַנימענט איז זייער אַ פּרי־
מיטיווער און ס׳געפינט זיך ניט אין זיי קיין מוזיקאַ־
לישער סטיל, אַחוץ וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ פּאָ־
פּורי“ . . . דר. פעליקס אַדלער האָט אין יידיש־דייטשישן
זשורנאַל „די וועלט“ (1899), נאָך דער אויפפירונג פון
גאָלדפאַדנס „שולמית“ אויף אונגאַריש, געשריבן :
„ . . . דער מהות פון דער מוזיק ליגט אין דער גאַנץ־
אייגנאַרטיקער ריטמיק און האַרמאָניע און אויך אין
דער מעלאָדיק, וואָס ווירקט אינגאַנצן פרעמד אויף אַן
אויער, וואָס איז געוואוינט צו מאָדערנער מוזיק. איז
מען אָבער צוגעוואוינט צום עקזאָטישן, געפינט מען
אויס, אַז דידאָזיקע אַלטע יידישע געזאַנגען האָבן אַ
מערקווירדיקע קראַפט . . . אויפפאַלנדיק איז די אוי־
סערגעוויינלעכע עשירות פון דער מוזיק. יעדער נומער
ברענגט נייס און אָריגינעלס“... און ווייטער : „. . . די
מוזיק איז נישט אומעטום פון זעלבן ווערט און שטייט
ניט אומעטום אויף דער הויך . . . “ איר הויפּט־מעלה
איז „אין לירישן און קודם כל — אין נאַציאָנאַלן עלע־
מענט. נאַציאָנאַל איז די מוזיק פון זעלבן מין ווי
סמעטאַנאַס * ,די פאַרקויפטע כלה׳. ביידע זיינען גע־
נומען פון אורקוואַלן פון פאָלק (ז. זילבערצווייג, ז׳
352). מ. קויפמאַן, אַ יידיש־דייטשער מוזיקאָלאָג זאָגט :
„אַזוי ווי גאָלדפאַדן האָט גלייכצייטיק געשאַפן טעקסט

---

* ב. סמעטאַנאַ (1824־1884), דער באַוואוסטער טשעכישער
קאָמפּאָזיטאָר, זיין אָפּערע „פאַרקויפטע כלה“ איז צוערשט אויפ־
געפירט געוואָרן אין 1866.

און מוזיק, איז אַרויסגעוואַקסן אַן ענגע גאַנצקייט, אַן איינהייט, פון וועלכער סיי דער טעקסט אָדער די מוזיק אַליין איז ניט געווען בכּוח אַזוי אַרויסצוברענגען די אַלגעמיינע ווירקונג, אַזוי ווי ביידע האָבן עס גלייכצייטיק געקאָנט טאָן ווי נישט צעטיילטע".

מיר האָבן דאָ קיין מעגלעכקייט נישט צו ברענגען נאָך אָפּרופן וועגן דעם באַטייט און הייך פון א. גאָלדפאַדנס מוזיק. מיר וועלן ציטירן אייניקע שטעלן פון א. גאָלדפאַדן גופא. אין 1899 איז אברהם גאָלדפאַדנס „שולמית" געשפּילט געוואָרן אין אונגאַריש אין בודאַפּעסטער טעאַטער. אויף דעם אַפּיש איז געווען אָנגעגעבן „שולמית", ליריש־ראָמאַנטישע אָפּערע אין 4 אַקטן פון איזידאָר גאָלדפאַדן, מוזיק פון עמנואל דאַווידזאָן". א. גאָלדפאַדן האָט זיך געפילט שטאַרק געקרענקט, וואָס ס'איז אָנגעגעבן אַן אַנדערער ווי דער פאַרפאַסער פון דער מוזיק. האָט ער פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל „די מוזיק פון מיינע יידישע געזאַנג־שפּילן" אין דעם זעלביקן יידיש־דייטשישן זשורנאַל „די וועלט" (נ' 19, 1900), אַ מין ענטפער אויף פעליקס אדלערס אַרטיקל. א. גאָלדפאַדן האָט קודם כּל פּראָטעסטירט קעגן עמנואל דאַווידזאָן, וועלכער „פּרואווט זיך אָנצוגעבן ווי דער קאָמפּאָזיטאָר פון ,שולמית'..." אפשר האָט ער „צוגעפּראַוועט פּאַר אַן אָרקעסטער די דאָזיקע אָדער אַן אַנדערע פרייע מוזיק", אָבער „קאָמפּאָנירט די מוזיק פון ,שולמית' האָב איך אַליין". און ווייטער שרייבט א. גאָלדפאַדן וועגן זיך, אַז „ער האָט נישט קיין שום טעאָרעטישע ידיעות אין מוזיק און (ער) קאָן אפילו נישט לייענען קיין נאָטן", „כאָטש איך האָב ביי די קאָמפּאָזיציעס פון מיינע שטיק שטענדיק אַכטונג געגעבן, אַז די מוזיק זאָל צונויפגעשטעלט ווערן פון פאָלגנדיקע עלעמענטן: 1) אָנהויב־און שלוס־כאָרן, 2) מאַרשן, 3) טענץ, 4) אריעס, 5) דועטן, 6) טערצעטן, 7) באַלאַדעס, 8) לידער, שאַנסאָנעטס . . . " ער האַלט, אַז מ'קאָן זיינע געזאַנג־שפּילן נישט אָנרופן „אָפּערע", ווייל זיי האָבן נישט קיין אָרגאַנישע מוזיקאַלישע גאַנצ־

קייט. „איך האָב טייל נומערן אַליין געשאַפן און טייל געבאָרגט ביי אַנדערע קאָמפּאָזיטאָרן. איך קאָן מיט אַ רואיק געוויסן זאָגן „געבאָרגט", ווייל טיילמאָל האָט מיר אַ חזן געבאָרגט פאַר מיין בינע דעם אָדער יענעם נומער פון זיין שול־רעפּערטואר, און גאָר אָפט איז אַ מע־לאָדיע געזונגען געוואָרן אין שול און אין דער זעלבער צייט און אין דער זעלביקער שטאָט איז די מעלאָדיע „געטאַנצט" געוואָרן אויף מיין בינע, פאַרשטייט זיך, מיט מאָדולאַציעס".

א. גאָלדפאַדן זאָגט ווייטער גאַנץ אָפנהאַרציק וועגן זיך: „ . . . איך בין מער קאָמפּילאַטאָר ווי קאָמפּאָזי־טאָר. איך מיין, אַז אויך דאָס קאָמפּילירן איז אַ קונסט. איך פיר מיך דערביי אַזוי: (איך) באָרג מיר פון אַ חזן עטלעכע שיינע טענער פון זיינער אַ ,קדושה', פון אַן אַנדערן — אַ „מן המיצר", פון אַ דריטן — אַקאָרדן פון אַ „יהי רצון" א. אַז. וו., און די דאָזיקע מעלאָדישע שטיקלעך פון די פאַרשיידנסטע טאָן־אַרטן שמעלץ איך צונויף, מיט דער הילף פון מיינעם אַ דיריגענט, אין שמעלץ־טאָפּ פון געשמאַק און האַרמאָניע . . . " און א. גאָלדפאַדן גיט צו: „איך מאַך נישט קיין סוד: אין די ערשטע יאָרן האָב איך דאָ און דאָרטן דערלויבט זיך צו מאַכן קליינע הלוואות . . . איך האָב ביי אַ געלעגנ־הייט אַריינגעשמוגלט אין מיינע שטיק לייכטע מעלאָ־דיעס פון אָפּענבאַך, ל. קאָך, ווערדי, מייערבער, אפילו פון וואַגנערן . . . איך האָב עס געטאָן אויסשליסלעך, ווייל כ'האָב געשטרעבט אויפצוהייבן אויף אַזאַ אופן דעם מוזיקאַלישן געשמאַק פון די ברייטע שיכטן פון מיין פאָלק" (דער אַרטיקל, געשריבן דורך א. גאָלד־פאַדן אין יידיש, איז איבערגעזעצט פון מאַנוסקריפּט אויף דייטש דורך מאַריץ צאָבאַל, און צוריק איבער־געזעצט אויף יידיש דורך ז. זילבערצווייג, „ליטעראַ־רישע בלעטער", 1933, נומ. 13).

מיטן אָפּשטאַם פון א. גאָלדפאַדנס מוזיק פאַרנעמט זיך אויך יוסף רומשינסקי אין זיין אַרטיקל „דער ליי־בער פּלאַגיאַטאָר" („ליט. בלעטער", 1933, נומ. 13, צו

א. גאָלדפאַדנס 25־טן יאָרצייט). מיר שיקן אָפּ דעם, וואָס אינטערעסירט זיך מיט מער פּרטים, צו אָט־דעם אַרטיקל. אַגבֿ שרייבט ער: „דער אויפטריט פון אברהם אין ‚עקידת יצחק׳ איז פון הלויס ‚מן המיצר׳, וועלכן ער, הלוי, האָט ספּעציעל געשריבן פאַר נאומ־בערגס פאַרטיטור. נאומבערג האָט נאָכגעטאָן אַדלערן, וועלכער האָט אַמאָל איינגעלאַדן פראַנץ שובערטן, ער זאָל פאַר אים שרייבן אַ קאָמפּאָזיציע פאַר ‚טוב להודות׳, תהלים צ״ב״ („ליט. בלעטער״, ב׳ 13, ז׳ 203).

יואל ענגעל, דער באַוואוסטער מוזיקער, האָט ניט געהאַט קיין געהויבענע מיינונג וועגן א. גאָלדפאַדענען דעם מוזיקער. אין אַ פּאָלעמיק מיט מ. וואַרשאַווסקי און שלום עליכם וועגן מ. וואַרשאַווסקיס פאָלקס־לידער שרייבט ער אַגבֿ־אורחא („וואָסכאָד״, נומ׳ 25, 1902), ווען מ. וואַרשאַווסקי פאַררופט זיך אויף אברהם גאָלד־פאַדן: „גאָלדפאַדן איז אין תוך אַזאַ מין דילעטאַנט ווי וואַרשאַווסקי. ער איז דערפאַרענער אין מוזיקאַ־לישע אָנגעלעגנהייטן, ער איז טאַלענטפולער, נאָר מו־זיקאַליש איז ער אַן אַנאַלפאַבעט און ער קאָן כמעט זיך נישט אַרויסבאַפרייען פונעם פאַרכישופטן קרייז פון די באַל־טענץ און אין זיינע מוזיקאַלישע באַאַרבעטונגען מאַכט ער אָפּט קאַליע די פּרעכטיקע יידישע מעלאָ־דיעס, וואָס פאַלן אים אַריין״ („יידישע קולטור״, מאַי 1951, ז׳ 9).

.17

## יידישע טעאַטער־קאָמפּאָזיטאָרן

וואָס פאַר אַ טענות מיר זאָלן נישט האָבן צו א. גאָלדפאַדן ווי צו אַן אָריגינעלן מוזיקער און קאָמפּאָ־ניסט, אָבער א. גאָלדפאַדן איז בלי ספק געווען דער גרויסער אָנרעגער פאַר די ווייטערדיקע מוזיקער־קאָמ־פּאָזיטאָרן, וואָס האָבן אין די אַלע שפּעטערדיקע יאָרן פאַרפאַסט מוזיק, קאָמפּאָזיציעס פאַרן יידישן טעאַטער. די צאָל זייערע איז גרויס, און צווישן זיי האָבן מיר מוזיקער פון פאַרשיידענעם פאַרנעם און כאַראַקטער. א.

גראנאָווסקי, דער גרינדער פונעם מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער, האָט געשענקט ספּעציעלע אויפמערק־זאַמקייט אין זיינע אויפפירונגען דער יידישער מוזיק, און ס'וואָלט וויכטיק געווען אַרויסצוברענגען וואָס ס'איז אַדאַנק אים אויפגעטאָן געוואָרן אויף דעם מוזיקאַלישן געביט. אויסער דעם שטענדיקן מוזיקער לעאָ פולווער, וועלכער האָט פאַרפאַסט מוזיק פאַר אַ גרעסערער צאָל פּיעסעס (ווי „בנימין השלישי", „200,000", „טרואדעק" א. אַנד), האָבן אויך אַנדערע באַוואוסטע יידישע מוזי־קער געשריבן מוזיק פאַר די אויפפירונגען פונעם מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער. יוסף אכראָן האָט פאַרפאַסט מוזיק פאַר א. ווייטערס „פאַרטאָג", פאַר פּרצעס „וואָס אין פידעלע שטעקט" און פאַר א. גאָלד־פאַדנס „כישופמאַכערין". אַלעקסאַנדער קריין האָט געשריבן די מוזיק צו י. ל. פּרצעס „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק". לעאָ פולווער האָט געהאַלטן, אַז א. קריינס מוזיק „איז אפשר דאָס שטאַרקסטע און געלונגענסטע, וואָס איז אויף דעם געביט בכלל ביז איצט געשאַפן גע־וואָרן" (ה. סוועט — „די מוזיק אין מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער", „ליט. בלעטער", נומ' 46, 1928).

אַ גאַר וויכטיקן אָרט פאַרנעמט די מוזיק און דעם העברייאישן טעאַטער „הבימה". אַנגעזעענסטע יידישע מוזיקער מיט אַ וועלט־נאָמען האָבן פאַרפאַסט מוזיק פאַר די „הבימה"־אויפפירונגען זינט איר אויפקום אין מאָסקווע אין 1918. לויט אונדזער בקשה, האָבן גיטל מייזיל און דבורה טשעמערינסקי (די פרוי פונעם פאַר־שטאָרבענעם ב. טשעמערינסקי, איצט די אָנפירערין פון דער „הבימה"־ביבליאָטעק אין תל־אביב) אונדז צוגע־שיקט אַ רשימה פון מוזיקער, וואָס האָבן פאַרפאַסט מוזיק פאַר די „הבימה"־אויפפירונגען. די רשימה ברענגט די דראַמאַטישע שאַפונגען לויט דער צייט פון זייער פּרעמיערעס. מיר וועלן צוליב בעסערער אָריענ־טאַציע געבן (לויטן א"ב) די נעמען פון די קאָמפּאָזי־טאָרן און די נעמען פון די פּיעסעס:

א. באָסאָקוויץ — „פעדרא", „לא אמות כי אחיה"

(דוד בערגעלסאָן), „קידוש השם" (ש. אש).

י. גאָראָכאָוו — „מיכל בת שאול", „בת יפתח".

ערנסט טאָך — „צוועלפטע נאַכט" (שעקספיר).

ס. וואָלפע — „דער כלומרשטער חולה" (מאָליער).

א. ד. יעקובסאָן — „יוד זיס" (ל. פויכטוואנגער).

מ. לברי (לאַוורי) — „קאסרילעווקער".

משה מילנער — „גולם" (ה. לייוויק), „חלום יעקב" (ר. בער האָפמאַן).

נ. נארדי — „אין קיך".

ע. עמירון — „שאול".

ע. פוגאַטשאָוו — „שומרים", „די דאָזיקע ערד", „די בשורה", „אהבת ציון", „טאָג און נאַכט".

פארדהאוז בן־ציסי — „קייטן" (לייוויק), „טאר־טיוף", „אין הינטער־שטאָט", „קורץ־פרייטיק" (ח. נ. ביאַליק), „ער און זיין זון", „אַ כישוף־מעשה" (שלום עליכם), „גריגע פעלדער" (פ. הירשביין), „אויפן פידל" (שלום עליכם), „מסעות בנימין השלישי" (מענדעלע מו"ס), „טוביה דער מילכיקער" (שלום עליכם), „האמ־לעט" (שעקספיר).

יואל ענגעל — „דיבוק" (ש. אנסקי).

קאלקשטיין — בוח.

אַלעקסאַנדער קריין — „דער אייביקער ייד" (ד. פינסקי — אין 1918, און אין 1925).

קאראל ראַטהויז — „אוריאל אקאָסטא" (ק. גוצ־קאָוו), „שיילאָק".

ש. ראָזאָווסקי — „דער אוצר" (שלום עליכם), „כתר דוד".

א. וו. שטערנבערג — „עמך" (שלום עליכם).

וואַרדינא שלאָנסקי — „אגרת אוריה" (אוריהס בריוו).

דאָס איז, דאַכט זיך, נישט די פולע רשימה. מיר האָבן דאָ אַ 20 קאָמפּאָזיטאָרן וואָס האָבן געשריבן מו־זיק צו אַ 40 פּיעסעס, און די „הבימה" האָט אין איר רעפּערטואַר נאָך דראַמאַטישע שאַפונגען, צו וועלכע עס זיינען פאַרפאַסט געוואָרן ספּעציעלע מוזיק.

אויך ביי מאָריס שוואַרצן אין משך פון די 30 יאָר (זינט 1918) זיינען אויפגעפירט געוואָרן פּיעסעס, צו וועלכע ס'איז פאַרפאַסט געוואָרן מוזיק דורך פאַרשיידענע באַקאַנטע און באַוואוסטע מוזיקער. אַזוי אויך האָבן אַנדערע קינסטלערישע יידישע טרופּעס צוגעצויגן קאָמפּאָזיטאָרן פאַר זייערע אויפפירונגען. די „ווילנער טרופּע" (אין אירע פאַרשיידענע גלגולים), דער טעאַטער פון זיגמונט טורקאָוו און אידא קאַמינסקי, דער „אוהל", דער „יונג־טעאַטער" (ד"ר מ. וויכערט), די פאַרשיידענע קליינקונסט־בינעס אין פּוילן האָבן אויף זייער קרעדיט פיל וויכטיקע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס, פאַרפאַסט פון טאַלענטפולע מוזיקער.

אין אַמעריקע האָבן מיר אַ גרויסע צאָל מוזיקער, וואָס האָבן פאַרפאַסט מוזיק צו די טעאַטער־אויפפירונגען: חנא וואָלפסטאל, א. אָלשאַנעצקי, פּרץ סאנדלער, יוסף רומשינסקי, לעאָ ליאָוו, שלום סעקונדע, אב. עלשטיין, פיליפּ לאסקאווסקי, איליא טרילינג און נאָך און נאָך. שלום פּערלמוטער אין זיין ניי בוך „יידישע דראַמאַטורגן און טעאַטער קאָמפּאָזיטאָרס" (איקוף, 1952, 398 ז"ז) האָט אַ באַזונדערע אָפּטיילונג וועגן די מוזיקער, וואָס האָבן פאַרפאַסט מוזיק פאַרן יידישן טעאַטער.

צווישן די פאַרשיידענע מוזיקער אין אייראָפּע האָט זיך אויסגעצייכנט הענעך קאָן. זיין נאָמען איז ספּעציעל פאַרבונדן מיט די קאָמפּאָנירונגען פאַר די קליינקונסט־טעאַטערן: „חד גדיא", „אַזאַזעל", „אַראַראַט". פאַר דער „ווילנער טרופּע" האָט ער געשריבן מוזיק צו „קידוש השם" (ש. אַש), „שריי כינע", „שוואַרצע געטאָ" (י. אניעל), „דאָס גרויסע געווינס" (ש"ע), „גולם" (ה. לייוויק), „יודענשטאַט" (אהרן צייטלין); פאַרן „יונג־טעאַטער": „קראַסין", „מיסיסיפּי" (לייב מלאך), „וואָצעק" (ביכנער), „גאָלדגרעבער" (ש"ע), „שמחה פּלאַכטע" (יעקב פּרעגער); פאַרן „ייקוט" אין פּאַריז: „גאָלדפאַדנס חלום", „שייקע לץ" א. אַנד. הענעך קאָן האָט געשאַפן מוזיק פאַר אַ 40 טעאַטער־פּיעסעס.

חוץ דעם האָט הענעך קאָן געשאַפן מוזיק פאַר דער אָפּערע „דוד און בת שבע", טעקסט פון משה בראַדער־זאָן, רעזשי דוד הערמאַן (אויפגעפירט אין וואַרשע אין 1924 — געניער וועגן דער דאָזיקער אויפפירונג זע אַרטיקלען פון אַלטער קאַציזנע און י. וואַסערמאַן, „ליט. בלעטער", נ' 3, 1924). וועגן ה. קאָנס מוזיק פון „דוד און בת שבע" זאָגט א. קאַציזנע: „דער קאָמפּאָזיטאָר האָט דערפילט זיין אויפגאַבע אין אַ באַדייטנדיקער מאָס. ער האָט געוואָגט צו רעדן צו אונדז אַ יידישע קלאַנגען־שפּראַך און ערטערווייז האָט די דאָזיקע שפּראַך דערגרייכט צו אַ גרויסער לויטערקייט פון אויסדרוק... ער האָט געמאַכט אַ געלונגענעם שריט. ער האָט גע־נומען דעם נוסח פון דער יידישער ליטורגי־מוזיק — זאָגעכץ, רעטשיטאַטיוואָ, הפטורה (יום־טובדיקע) . . . פון זייטיקע השפעות (איז ער) אויך נישט פריי. וואָג־נערן האָב איך שטאַרק געשפּירט אין דער סטרוקטור פון לייט־מאָטיווירונג (קיין מעשה נישט), מייערבערן — אין דער באַס־בוף־פּאַרטיע (דאָס טויג נישט) און א. רובינשטיינען מיט זיין אָריענטאַליסטיק (פּריגיאישער שטייגער) דאָרט, וואו דאָס האָט געקלונגען נישט־יידיש־לעך און איבעריק . . . (נ' 3, ז' 3). י. וואַסערמאַן שרייבט צווישן אַנדערן: „אין טייל ערטער האָט גאַנץ בוילעט געקלונגען דער כאָר־פינאַל פון בעטהאָווענס 9־טער סימפאָניע. מ'מוז אָבער באַמערקן, אַז דאָס איז נישט דערפאַר, וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט באַוואוסטזיניק גענומען ביי בעטהאָווענען, נאָר ווייל ער האָט געמוזט שאַפן פונעם זעלבן קוואַל, פון וועלכן ס'האָט געשעפּט אי בעטהאָווען, אי וואגנער — פון דער קירכלעכער פייערלעכקייט" (ז' 3, נ' 3).

אַז מיר רעדן שוין וועגן יידישער אָפּערע, לאָמיר דערמאָנען די אָפּערעס פון משה מילנער — „די הימ־לען ברענען" און „מלך אחז" פון ס. אלמאַן (אויפגעפירט אין לאָנדאָן, 1912).

ווען מיר האָבן דערמאָנט די פאַרשיידענע יידישע און נישט־יידישע קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע האָבן אַזוי

אָדער אַנדערש געהאַט אַ שייכות צו יידישער טעמאַ־טיק אָדער אַרויסגעבראַכט יידישע מעלאָדיעס, לאָמיר אויך נישט פאַרגעסן אָן דעם טיף־אָריגינעלן און זייער טאַלענטפולן מוזיקער איליא אַלעקסאנדראָוויטש סאַץ, וואָס זיין מוזיקאַלישע טעטיקייט, וועלכע איז צוליב זיין פריצייטיקן טויט שנעל איבערגעריסן געוואָרן, איז פאַרבונדן מיטן מאָסקווער קונסט־טעאַטער. צווישן די פאַרשיידענע פּרעכטיקע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס האָט ער אויך פאַרפאַסט מוזיק צו ל. אַנדרעיעווס „אנאַ־טעמאַ“ און ס. יושקעוויטשעס „מיזערערע“. דער באַ־וואוסטער רוסישער שרייבער נ. טעלעשאָוו אין זיין רוסישן בוך „זאפּיסקי פּיסאַטעליא“ (נאָטיצן פון אַ שרייבער, מאָסקווע, 1950) דערציילט, ווי איליא סאַץ „האָט זיך געלאָזט איבער יידישע שטעט פון דרום־מערב־געגנט אין רוסלאַנד, זיך באַקענט מיט חזנים און אָרטיקע קלעזמער, באַזוכט יידישע חתונות און פון דעם אַלעם אַרויסגעבראַכט דאָס פילוועורטיקע און טי־פישע, וואָס האָט דערנאָך אַזוי פאַרכאַפּט אין זיינע מו־זיקאַלישע אילוסטראַציעס“ (ז. 319).

מען דאַרף זיך אויך אָפּשטעלן אויף די אָפּערעס, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אויף ש. אַנסקיס „דיבוק“. אויסער דער מוזיק צו די דראַמאַטישע „דיבוק“־אויפ־פירונגען פון דער „הבימה“ (מוזיק יואל ענגעל), פון דער „ווילנער טרופּע“ (מוזיק — מ. שניאור), פון מאָריס שוואַרץ א. אַנ. איז פאַרפאַסט געוואָרן מוזיק פאַר דעם „דיבוק“ דורך דעם איטאַליענישן קאָמפּאָזיטאָר ראָקאַ (זע „יידישע קולטור“, 1950, נ׳ 10, ג. מ־ל „ש. אַנסקיס ,דיבוק׳ אין דער וואַרשעווער אָפּערע“) און דורך דעם יידיש־אַמעריקאַנער מוזיקער דוד טעמקין (פאַר אַן ענג־לישער ליברעטאָ), — די דאָזיקע „דיבוק“־אָפּערע ווערט אויפגעפירט מיט גרויס דערפאָלג אין ניו־יאָרקער שטאָט־אָפּערע (זע „ייד. קולטור“, 1951, נ׳ 11).

## 18.

## פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־זינגער

אַ באַזונדערן אָרט פאַרנעמען אין דער יידישער ליטעראַרישער און מוזיקאַלישער וועלטן די אינטערעסאַנטע, אייגנאַרטיקע יידישע דיכטער, די פאָלקס־דיכטער, וועלכע האָבן געשריבן לידער און אַליין פאַרפאַסט מוזיק צו זיי. אייניקע האָבן די לידער צוזאַמען מיט די מעלאָדיעס אימפּראָוויזירט, און אַזוי זיינען זיי, די לידער צוזאַמען מיט דער מוזיק, דערגאַנגען צום פאָלק. ס׳זיינען דאָ פאַרשיידענע מדרגות פון אָט־די בדחנים, פאָלקס־זינגער, און זייער צאָל איז גענוג גרויס. זייער יחוס־קייט ציט זיך העט־העט ווייט פון דער פאַרגאַנגענהייט און זיי גייען אַזוי דורך די בראָדער־זינגער ביז אויף היינט צו טאָג.

דער אויסגעשפּראָכענער פון אָט דער פלעיאַדע פאָלקס־זינגער, בדחנים איז דער באַוואוסטער, שיער נישט לעגענדאַרישער וואָלף זבארזשער, עהרענקראַנץ (1826־1883), וועלכער איז געווען שטאַרק באַרימט אין זיין צייט, ער מיט זיינע לידער. ער איז נאָך „אין 40־קער יאָרן אויפגעטראָטן מיט זיינע לידער און ניגונים“ (ז. רייזען — „לעקסיקאָן“, ב׳ 2, ז״ז 892־839) און „אין די 50־קער און 60־קער יאָרן איז ער אין מאָלדאַוויע און בעסאַראַביע געווען פּונקט אַזוי פּאָפּולער, אויב נישט פּאָפּולערער, ווי אליקום צונזער שפּעטער אַביסל אין דער ליטע“ (ז׳ 833). „. . . מ׳פלעגט (זיינע פּאָפּולערע לידלעך אַריינפלעכטן ווי אינטערמעדיאַלע געזאַנגען אין טעקסטן פון די טראַדיציאָנעלע פּורים־שפּילער“ (ז׳ 837).

נאָך אים קומט אליקום צונזער (1840־1913), איינער פון די באַרימטסטע פאָלקס־זינגער. „זיינע אומצייליקע לידער זיינען . . . געזונגען געוואָרן פון די ברייטסטע פאָלקס־מאַסן, אַ גרויסן, אויב נישט דעם גרעסטן חלק אין דעם דאָזיקן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג פון צונזערס לידער, האָט געהאַט די מעלאָדיע,

וואָס איז געוואָרן דער עיקר אין זיי. „אויב איר לייענט אין ביכל מיינע לידער, / און די מעלאָדי האָט מען אייך ניט איבערגעגעבן, / איז דאָס ווי אַ פאָטאָגראַפיש בילד, ליבע ברידער! / דאַכט זיך אַלעס ריכטיק, נאָר עס פעלט לעבן״, — אַזוי שרייבט א. צונזער אין זיין לידער־זאַמלונג „המנגן״ (ז. רייזען — „לעקסיקאָן״, ב׳ 3, ז׳ 264). וועגן א. צונזער, ווי אַ דיכטער און קאָמפּאָזיטאָר, זע דאָס בוך (אין ענגליש) פון סאָל ליפּצין, ניו־יאָרק, 1950, באַזונדערס דעם קאַפּ. 14, ז״ז 184־192.

צו זיי דאַרף מען צורעכענען מ. מ. וואַרשאַווסקין (1848־1909), וועלכן שלום־עליכם האָט „אַנטדעקט״ און געהאָלפן אים צו פּאָפּולאַריזירן. וואַרשאַווסקי האָט נישט געקלערט אפילו צו פאַרעפנטלעכן זיינע לידער, וואָס ער האָט פאַרפאַסט מיט די מעלאָדיעס און זיי געזונגען פאַר זיין אייגענעם פאַרגעניגן וועגן. ריכטיק האָט שלום־עליכם אין זיין ערשטער פאָררעדע צו מ. וואַרשאַווסקיס לידער געשריבן: „ער בויט זיינע לידער אויף דעם אַרט, ווי עס האָט געשריבן גאָלדפאַדן, וועלכן ער שעצט גאַנץ הויך אַלס פאָלקס־דיכטער און האַלט זיין שרייבן פאַר אַ מוסטער ביים צונויפלייגן פאָלקס־לידער אויף זשאַרגאָן״ . . . (געשריבן אין 1900, דאַן האָט מען יידיש אָנגערופן „זשאַרגאָן״ — נ. מ.). ש״ע האָט געשריבן: „אָט אַזוי זינגען זיך יידישע, באמת יידיש פאָלקס־לידער . . . איך בין רעכט איבערצייגט, אַז עס וועט גאָרנישט לאַנג געדויערן, און וואַרשאַווסקיס יידישע פאָלקס־לידער וועלן ווערן ביי אונדז באמת פאָלק־לידער, וואָס מען וועט זיי קאָנען הערן זינגען אומעטום, אין יעדער יידישער שטוב . . .״

מיט אַ 14־15 יאָר שפּעטער, אין דער הקדמה צו דער צווייטער אויפלאַגע, האָט ש״ע געשריבן: „איך האָב ניט געוואוסט, אַז מיין נביאות וועט גרייכן אַזוי ווייט, אַז די דאָזיקע לידער וועלן ווערן אַזוי פאָלקסטימלעך, אַז זיי וועלן טאַקע קענען אַלע לאַנג־לאַנג, כל זמן ס׳וועט געזונגען ווערן אַ יידיש ליד, נאָר דעם פאַרפאַסער וועלן ניט אַלע קענען, און דער נאָמען פון וואַר־

שאַווסקי וועט פאַרגעסן ווערן, גלייך ווי ס׳איז גאָר קיין מאָל אויף דער וועלט קיין וואַרשאַווסקי ניט געווען״...
(זע „יידישע קולטור״, 1946, נ׳ 4, ז״ז 35־41, אויך שלום־עליכמס „אָפענעם בריוו צו יואל ענגעל״, „יידישע קולטור״, 1951, נ׳ 5). ש״ע פאַרטיידיקט מ. וואַרשאַווסקין קעגן יואל ענגעל, וועלכער האָט געשריבן, אַז וואַרשאַווסקיס מוזיק פאַרמאָגט כלערליי מעלאָדיעס, וואָס שטאַמען פון פאַרשיידענע קוועלן: „פאַראַן, זאָגט איר, ביי וואַרשאַווסקין מעלאָדיעס, וואָס זיינען גענומען פון רוסישע געזאַנגען. אמת! נעמט, למשל, דאָס קלאַסישע פאָלקס־ליד פון מיכל גאָרדאָן, וואָס מען זינגט דאָס בכל תפוצות ישראל:

צי זענט איר, רב ייד
אין פאָלטאַווע געווען ?
צי האָט איר נישט דאָרטן
מיין מאַן געזען ?

איז די מעלאָדיע נישט אינגאַנצן גענומען פון אַ רוסיש לידל: „אַי טי, דיווטשינאַ / זארוטשענאיא! / טשאהאָ טי כאָדיש / טאקא סמוטנאיא?״ נו, אם כן, פאַרלירט דאָס דען דעם געשמאַק? („יידישע קולטור״, 1951, נ׳ 4, ז׳ 11).

און אַזאַ אויך איז געווען דער פאָלקס־דיכטער מרדכי געבירטיג, וואָס זיינע לידער צוזאַמען מיט די אייגן־פאַרפאַסטע מעלאָדיעס זיינען אַזוי צונויפגעבונדן, נישט צום אָפטיילן זיי.

האָט מען טאַקע אַזוי באַגעגנט אומעטום מרדכי געבירטיגס לידער מיט דער מוזיק. זיי זיינען געווען פּאָפּולער אין פאָלק נאָך איידער זיין ערשטע זאַמלונג („מיינע לידער״, מיט נאָטן) איז דערשיינען אין קראָקע אין 1936. אין אַן אַרטיקל וועגן דעם בוך האָט מ. געבירטיגס אַ נאָענטער פריינט און פאַרערער געשריבן דאָן: „ . . . צו די דערמאָנטע פאַרשיידענע פּאָעטישע מאָטיוון און סיטואַציעס האָט געבירטיג פאַרטראַכט אייגענע, ס׳רוב דורכאויס אָריגינעלע, אייגנאַרטיקע ניגונים, וואָס גיסן זיך צונויף אין זייער אַ שלימותדיקער

איינס מיטן טעקסט, טייטשן אים אויס, באַלעבן און דערהויבן אים. די־אָ דערהויבונג און פֿאַרפֿולקאָמונג פֿון פּאָעטישן טעקסט דורכן ניגון איז איינע פֿון גע־בירטיגס גרויסע קאָמפּאָזיטאָרישע מעלות, וואָס קומען ערשט צום בוילעטסטן אויסדרוק אין יענע לידער, וואָס זיינען ליטעראַריש שוואַכער" (מ. בלעכער — „ליט. בלעטער", 1936, נ' 21, ז' 336).

צו דעם סוג געהערט אויך דער ערשט־פֿאַרשטאָר־בענער דיכטער־מוזיקער סאָלאָמאָן גאָלוב.

.19

## מוזיק צו אַרבעטער און רעוואָלוציאָנערע לידער

פֿון גרויסן באַטייט זיינען די מוזיקאַלישע קאָמ־פּאָזיציעס, די מעלאָדיעס, וואָס זיינען ספּעציעל פֿאַר־פֿאַסט געוואָרן פֿון אַ גאָר גרויסער צאָל יידישע מוזי־קער צו די לידער פֿון פֿאַרשיידענע יידישע דיכטער. ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס יידישע וואָרט און די יידי־שע מוזיק זיינען פֿיל נעענטער און אָרגאַניש־פֿאַרבונ־דענער ווי מיר מיינען און ווייסן. דאָס יידישע וואָרט פֿון די מאָדערנע דיכטער קומט אָפֿט צו די ברייטע יידישע פֿאָלקס־מאַסן דורך דער הילף פֿון מוזיקער. עס וואָלט געווען אַ יושר, סיי לגבי די דיכטער און סיי לגבי די מוזיקער, צונויפֿצושטעלן אַ פֿולע רשימה פֿון מוזיקאַלישע שאַפֿונגען צו יידישע לידער פֿון אַלטע, עלטערע און יונגע דיכטער. ס'איז אַ שווערע, אָבער אַ זייער דאַנקבאַרע אַרבעט, וואָס עס דאַרף זיך נע־מען דערצו די פֿאַרשיידענע מוזיקאַלישע פֿאַרבאַנדן, און זען טאַקע אַרויסגעבן אַ פֿולע ביבליאָגראַפֿיע.

מיר וועלן דאָ, צוליב מאַנגל אין אָרט, ברענגען בלויז אַ קליינעם טייל פֿון דעם אַלעם, וואָס איז גע־שאַפֿן געוואָרן אויף דעם געביט.

די רשימה איז זייער אַ רייכע און אַ גאָר פֿאַרשיידנ־אַרטיקע. די לידער פֿון מיכל גאָרדאָן, מ. ווינטשעווו־סקי, ד. עדעלשטאַט, י. באָוושאָווער, מ. ראָזענפֿעלד, י. ל. פּרץ, א. רייזען, א. ליעסין, ש. פֿרוג, יהואָש, ח. נ.

ביאַליק, ז. שניאור, י. פיכמאַן, ש. טשערניכאָווסקי, ז. לאנדוי, ה. לייוויק, ז. ווייַנפער, א. פעפער, פּרץ מארקיש א. אַנ. זייַנען שטאַרק פּאָפּולער אין אַלע טיילן פון דער וועלט, און זיי ווערן געזונגען אין פאַרשיידענע נוסחאות און אויף פאַרשיידענע אופנים.

פון די עלטערע ידישע דיכטער האָבן מאָריס וויג־טשעוווסקי, דוד עדעלשטאַט, מאָריס ראָזענפעלד אַ גרע־סערע צאָל לידער, צו וועלכע ס'זייַנען צוגעפּאַסט גע־וואָרן פאַרשיידנסטע מעלאָדיעס, — דאָס רוב זייַנען נישט באַקאַנט די קאָמפּאָזיטאָרן, די פאַרפאַסערס פון די מעלאָדיעס.

אין דער רוסישער זאַמלונג פון מ. בערעגאָווסקי (1934) זייַנען געבראַכט טעקסטן מיט מעלאָדיעס פון פאָלגנדיקע 5 ווינטשעווסקי־לידער: „דער פרייהייט־גייסט", „עס רירט זיך", „צום אַרבעטער־פריינט", „דריי שוועסטער", „אַ בעזעם און אַקער". אין בערעגאָווסקי־פעפערס זאַמלונג „ידישע פאָלקס־לידער" (1938) בלויז — 3 לידער.

אגב, אין זייַנע „ערינערונגען" (געזאַמלטע ווערק, ניו־יאָרק, 1927, ב. 10) דערציילט מאָריס ווינטשעוו־סקי ווי עס זייַנען געשריבן געוואָרן דורך אים פאַרשיי־דענע קאַמף־לידער, וואָס זייַנען גיך אויפגעכאַפּט גע־וואָרן דורך די ידישע מאַסן און זייַנען באַלד שוין גע־זונגען געוואָרן. ער שרייבט: „ . . . און קעגן אַלע באַקוועמלעכקייטן, אויף אַ טיש, וואָס שאָקלט זיך, ביי אַ לאָמפּ, וואָס ברענט אָן חשק, נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט, מיט אַ הוסט, וואָס לאָזט זיך אַלע ווײַלע הערן, גייט פון פעדער אַרויס איין שטאָלצער פערז נאָך דעם אַנדערן, איין סטראָפע נאָך דער אַנדערער . . . — — און אין צייט פון צוויי וואָכן איז דערצו שוין דאָ אַ (גע־באָרגטע) מעלאָדיע, און דאָס ליד איז אין יעדן אַר־בעטער־הויז. צוגעטראָפן! אָ, ווען איר וואָלט געהערט יענע נאַכט, ווי מיין האַרץ האָט געקלאַפּט! (ז"ז 261־262). דאָס איז די געשיכטע פונעם באַוואוסטן ליד „חודש אָן אַרבעט", וואו מיר האָבן די באַוואוסטע סטראָ־

פּעס: „איך בעט ניט ביי קיינעם / אַ טיטול אַ שיינעם / איך וויל קיין ,מורנו' ניט זיין; / איך וויל אַ באַוואוס־טער, / אַלס ערלעכער שוסטער, / אַלס ערלעכער שניי־דער נאָר זיין." און אַט קומט די געשיכטע פונעם ליד „צום אַרבעטער־פריינט", ווי ס'איז אָנגעשריבן געוואָרן דורך אים, און מ. ווינטשעווסקי פירט אויס: „און דאָס (ליד) ווערט אויך אויפגעכאַפּט. אין צייט פון אַ וואָך אָדער צוויי ווערט דאָס אויך געזונגען, משמעות, האָט זיך מיר ווידער איינגעגעבן אויסצודריקן, וואָס דער אַר־בעטער־עולם האָט געהאַט אויפן האַרצן" (ז' 263). און ווייטער קומט אַ לענגערע באַשרייבונג ווי ס'איז דורך אים געשאַפן געוואָרן דאָס באַרימטע ליד „דער פריי־הייט־גייסט", וואָס הייבט זיך אָן מיט די שורות: „אין די גאַסן, צו די מאַסן / פון געדרוקטע פעלקער־ראַסן / רופט דער פרייהייט־גייסט" / א. אַז. וו., ס'איז אַ איבּ־טערעסאַנטע שילדערונג פון דעם געמיט־צושטאַנד פו־נעם דיכטער, וועלכער האָט זיך געמאַטערט צו געפי־נען די פּאַסיקע אויסדרוקן פאַר זיינע שטימונגען, ביז לסוף: „און עס זינגט זיך אַרויס פון אַ פולן האַרצן מיט דעם דופק, וואָס קלאַפּט אין טאַקט, באַגלייטנדיק די טענער, ווי זיי גיסן זיך אַרויס איינער נאָך דעם אַנ־דערן, און גיסן זיך צונויף, און אַ סטראָפע נאָך אַ סטראָפע קומט עס אַרויס אויפן פּאַפּיר" . . . און מאָריס ווינטשעווסקי דערציילט ווייטער: „צוויי יאָר שפּעטער (1894) קום איך אָן אין אַמעריקע, און צום קבלת־פּנים מאַכט מען מיר דעם פאַרגעניגן דאָס ליד צו לאָזן פאַר־טראָגן דורך אַ גוט־אָרגאַניזירטן כאָר. די מוזיק איז פאַר מיר אַן איבערראַשונג, נאַטירלעך, אַן אָנגענעמע" ז' 267, איבערגעדרוקט אין „ייד. קולטור", נ' 5, 1952).

גרעסער איז די צאָל לידער פון דוד עדעלשטאַט, וועלכע זיינען געזונגען געוואָרן און ווערן געזונגען ביז אויף היינטיקן טאָג. אַ גרויסער טייל פון די מעלאָדיעס איז געשאַפן אָדער געבאָרגט געוואָרן דורך אומבאַקאַנטע מוזיקער אָדער סתם דורך פאָלקס־מענטשן.

אין מ. בערעגאָווסקיס רוסישן בוך זיינען געבראַכט

פאָלגנדיקע לידער מיט זייערע מעלאָדיעס: „מיין צוואה" (צוויי וואַריאַנטן), „דער אָוונט־גלאָק" (3 וואַ־ריאַנטן), „וואַכט אויף", „אין קאַמף", „מיין לעצטע האָ־פענונג", „צו די אַרבעטער־פרויען". אין ק. מרמרס „דוד עדעלשטאַט" (ניו־יאָרק, 1950) האָבן מיר אין דער ביבליאָגראַפיע אַ רשימה „עדעלשטאַט אין דער מוזיק" (ז' 327), וואו אויסער די לידער, וואָס זיינען אויסגע־רעכנט ביי מ. בערעגאַווסקין, ווערן אויך דערמאָנט די לידער „דער אָוונט־גלאָק", „מיט געזאַנג צום קאַמף", „וואַכט אויף" — מוזיק פון יעקב שייפער. אין דער לידער־זאַמלונג „דורות זינגען" איז געבראַכט דוד עדעלשטאַטס ליד „פיראַמידן" מיט נאָטן, וואָס זיינען באַצייכנט ווי אַ „פאָלק־מעלאָדיע". אין דער לידער־זאַמלונג „זינג אַ ליד" האָבן מיר פאָלגנדיקע צוויי עדעלשטאַט־לידער (מיט נאָטן): „צו מיינע ברידער" — מוזיק בען יאמין און „שנעל לויפן די רעדער" — מוזיק יעקב שייפער.

די עדעלשטאַט־לידער מיט זייערע מעלאָדיעס זיי־נען געווען שטאַרק פאַרשפרייט אין דער גאַרער יידי־שער וועלט. קלמן מרמר שרייבט אין זיין פאַררעדע צום בוך: „אין צאַרישן רוסלאַנד האָבן יידישע אַר־בעטער געזונגען עדעלשטאַטס לידער צוערשט ביי דער אַרבעט אין וואַרשטאַט און אויף געהיימע פאַרזאַמלונ־גען, און שפּעטער — אויף דעמאָנסטראַציעס און אויף באַריקאַדעס" (ז' 13). אין אַ צווייטן אָרט גיט צו ק. מרמר, אַז מ'האָט די לידער געזונגען אויך „אין טור־מעס און אויף פאַרשיקונג" (ז' 166). אויסער די שוין דערמאָנטע לידער, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט מיט זייערע מעלאָדיעס, דערמאָנט ק. מרמר נאָך עדעלשטאַט־לידער, וואָס זיינען געזונגען געוואָרן: „נאַטור און מענטש", „דער שניידער", „דער אַרבעטער", „דער וועק־ער", „פאָרווערטס", „אויף דער וואַך", „סאָפיע פעראָווס־קאַיא". צו אַ טייל פון זיי איז פאַראַן מוזיק, צוגע־פּאַסט פון יידישע און רוסישע פאָלקס־מאָטיוון, איי־ניקע מעלאָדיעס זיינען די לעצטע יאָרן פאַרפאַסט אָדער

אַראַנזשירט געוואָרן פון מוזיק־פּאַכלייט. צו צוויי לידער („דער יידישער פּראָלעטאַריער" און „עס טאָגט") האָט עדעלשטאַט אַליין צוגעפּאַסט די מעלאָדיע פון רוסישע רעוואָלוציאָנערע לידער" (ז' 166). אין דער ביבליאָ־גראַפיע, ביים פאַרצייכענען דאָס ליד „דער יידישער פּראָלעטאַר" (ז' 308) ווערט אין קלאַמערן צוגעגעבן: „געזונגען מיטן מאָטיוו פון דעם רוסישן רעוואָלוציאָ־נערן ליד „ווי זשערטוואַי פּאַלי" — איר זענט געפאַלן אַ קרבן". ק. מרמר ברענגט אַן אויסצוג פון י. קיסינס אַרטיקל „מ'האָט געזונגען זיינע לידער אין טענעמענטס־הייזער און אין שעפּער" (געשריבן צו ד. עדעלשטאַטס 50־טן יאָרצייט אין 1942), אַז „ד. עדעלשטאַטס לידער פלעגן די היגע יידישע אַרבעטער־מאַסן זינגען נאָכאַ־נאַנד ביי פאַרזאַמלונגען, ביי דער אַרבעט און אין דער היים" (ז' 375).

לעצטנס האָט מען אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע שטעט געזונגען די אָראַטאָריע „מאַרטירער־בלוט", וואָס דער פּריצייטיק־פאַרשטאָרבענער פאַרדינסטפולער יידי־שער מוזיקער יעקב שייפער האָט געשאַפן אויף דער פּאָעמע פון אברהם ליעסין. אין ניו־יאָרק איז עס גע־זונגען געוואָרן אונטער דער דירעקציע פון לעאָ קאָפּף אינעם פילהאַרמאָנישן פאָלקס־כאָר.

אין זיין העברייאיש בוך „פּרקים בתולדות תנועת הפועלים היהודית" (קאַפּיטלען צו דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, תל־אביב) שטעלט זיך דר. ש. איזנשטאַט ספּעציעל אָפּ אויף די פאַרשיי־דענע לידער, וואָס מ'פלעגט זינגען אין די אַמאָליקע אַרבעטער־און רעוואָלוציאָנערע קרייזן אין רוסלאַנד ביי די פאַרשיידענע געלעגנהייטן. ער רופט אָן אייניקע לידער, וואָס זיינען אַפּריער נישט דערמאָנט. פון מ. ווינטשעווסקי האָבן מיר ביי אים: „אָ, צו געדולד", „אַז די וועלט וועט ווערן ייבגער" און די „מאַרסעליע־זע"; פון ד. עדעלשטאַט — „ווי קום איך, ברידער, פריילעך זינגען", „אין שטורעם און אין דראַנג", „אָ, מוזע, ריף מיך נישט!"; פון י. באָוושאָווער — „פרידן",

„צום שקלאַף“; פון מ. ראָזענפעלד: „איך האָב אַ קליי־נעם ייִנגעלע“; פון ש. אַנסקי: „דער שניידער“; פון א. רייזען: „מיר ברעכן די ווענט“, „אָ, וואָס קלינגט איר קירכן־גלאָקן“, „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן“. מ׳דאַרף אויך צוגעבן א. רייזענס „מאי קא משמע לן“ א. אַנד. פון א. ליעסין: „אַ טראָפּן בלוט“, „צום קעמ־פער“, „דאָרט וואו די לענא די קאַלטע“, „אַהין, אַהין“.

ד״ר ש. אייזנשטאַדט דערמאָנט אַ אנאָנים־ליד,[1] וואָס מ׳האָט געזונגען אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען מיט גרויס התלהבות. ער ברענגט די ערשטע שורות:

מיר זיינען אַלע ברידער, —
און דער אינטעליגענט
און דער וואָס טראָגט
מאָזאליעס אויף די הענט.

ער ברענגט דאָס פּאָפּולערע ביז איצט ליד פון הערוועג, וואָס ד״ר ח. זשיטלאָווסקי האָט פאַריידישט: „„און דו אַקערסט און דו זייסט“.[2]

נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם (1903) זיינען געשאַפן געוואָרן אייניקע לידער און ד״ר ש. אייזנשטאַט ברענגט שורות פון זיינס אַ ליד, געווידמעט דעם מיט־גליד פון האָמעלער זעלבסשוץ, דעם אַרבעטער כהנסקי („צו כהנסקיס יאָרצייט“), וואָס מ׳האָט יאָרלאַנג גע־זונגען. ער ברענגט אויך פראַגמענטן פונעם רעוואָ־לוציאָנערן ליד „די רויטע פאָן“, וואָס ער האָט איבער־געזעצט אין 1905 (ב׳ 1, ז״ז 250־261). אינעם צווייטן באַנד (ז״ז 36־40) ווערן געבראַכט טעקסטן פון די פאַרשיידענע „שבועות“, וואָס זיינען געזונגען געוואָרן דורך מיטגלידער פון „בונד“. ס׳איז געבראַכט אַ ליד,

---

1) דאָס ליד, ווי ס׳שרייבט מיר ס. שאַפּיראָ, איז פאַרפאַסט געוואָרן פון ש. הורוויץ (א. ליטווין — 1862־1943). דאָס ליד, שרייבט ער, האָט זיך געזונגען: מיר זיינען אַלע ברידער, / אויך דער, וואָס איז אַ ציוניסט / א. אַז. וו.

2) זע די אָפּהאַנדלונג פון רבקה רויזנבלאַט־רובין „וועגן דעם ליד ,און דו אַקערסט און דו זייסט׳, „יידישע קולטור“, 1951, נ׳ 2 און נ׳ 3.

וואָס זאָל זיין פאַרפאַסט דורך א. וויטער [1] („ברודער, מיר האָבן געשלאָסן / אויף לעבן און טויט אַ פאַרבאַנד”). די אַלע לידער זיינען פאַרהערלעכט און פאַרהייליקט געוואָרן ווי תפילות, ווי געבעט און ווי אויסדרוק פון צער און צאָרן אין די שווערסטע צייטן פון דער צאַרישער הערשאַפט און פון רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג און אויפברויז.

וועגן דעם רעוואָלוציאָנערן ליד, וואָס האָט געדינט ווי אַ וויכטיק מיטל אין די אַרבעטער־קרייזן און וועגן זיין ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ביי די שווערסטע באַדינגונגען פון דער צאַרישער צייט — וועגן דעם האָבן מיר אינטערעסאַנטע שטריכן און מאַטעריאַלן אויך אין א. ליטווינס אָפּהאַנדלונג, פאַרעפנטלעכט אין „צוקונפט” (ניו־יאָרק, 1917) און אין א. ליטוואַקס בוך „וואָס געווען” (וואַרשע, 1928). זיי רעכענען אויס פאַרשיידענע לידער, אַנאָנימע און פון באַוואוסטע רעוואָלוציאָנערע דיכטער, וואָס זיינען געזונגען געוואָרן דורך אַרבעטער. אָפטמאָל האָט מען נישט געוואוסט, פון וואַנעט די לידער און די מעלאָדיעס שטאַמען. דאָס זינגען לידער איז אַריין אין דעם „פּראָגראַם” פון געהיימע פאַרזאַמלונגען, פון „סכאָדקעס” (צונויפקומס). זייער שנעל פלעגן די געזונגענע לידער איינגעאייגנט ווערן אין דער אַרבעטער־סביבה און אָפטמאָל האָבן די זינגער צוגעגעבן צו זיי פון זייער אייגנס.

וועגן יידישע אַרבעטער־און רעוואָלוציאָנערע לידער, וועגן די פאַרשיידענע לידער, וואָס זיינען געזונגען געוואָרן דורך די יידישע אַרבעטס־מאַסן אין די פאַרשיידענע תקופות פון קאַמף און געראַנגל, איז דאָ אַ זייער רייכע ליטעראַטור אין יידיש. זע אויך דעם אַרטיקל פון י. קאָרענמאַן „יידישע אַרבעטער־און קאַמף־לידער”, געדרוקט אין „יידישע קולטור”, 1940, ב״נ 7־8, ז״ז 44־48.

---

1) דאָס ליד איז פאַרפאַסט געוואָרן נישט פון א. וויטער, נאָר פון וויליאַם מיללער (ח. אַלעקסאנדראוו — 1869־1909).

## מוזיק צו פּרצעס שאַפונגען

אַ מערקווירדיקן אינטערעס און אַ טיפע אויפ־מערקזאַמקייט האָבן אַרויסבאַוויזן פאַרשיידענע יידישע מוזיקער, באַוואוסטע און ווייניק־באַקאַנטערע, צו פּרצעס שאַפן, סיי צו זיינע לידער און סיי צו זיינע דראַמאַטישע שאַפונגען. י. ל. פּרץ, דער מחבר פון „אַ גלגול פון אַ ניגון" און פון פיל אַנדערע ווערק, וואו נגינה ווערט אַרויסגעהייבן אויף גאָר הויכע מדרגות, האָט אַנגערעגט פיל יידישע מוזיקער, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן צו געבן אַ מוזיקאַלישן תיקון צו פּרצעס דיכטערישע שאַפונגען. די צאָל מוזיקער, וועלכע האָבן געשריבן מוזיק צו פּרצעס לידער איז זייער גרויס. איך האָב צונויפגעשטעלט אַ רשימה פון קרוב צו 40 מוזיקער, וועלכע האָבן פאַרפאַסט מוזיק צו אַ הונדערט פּרצישע לידער (צו אייניקע לידער האָבן עטלעכע מוזיקער געשאַפן מוזיק). די רשימה באַדאַרף נאָך זיכער דערגאַנצט ווערן.

אין אַן אַרטיקל „פּרץ און די מוזיק" („ליט. בלעטער" נ"ב 49־50, 1925) שרייבט דער קאָמפּאָזיטאָר הענעך קאָן: „פּרץ איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אונדז ממש געצוואונגען צו שאַפן יידישע מוזיק. הגם ער איז נישט געווען קיין מוזיקער, האָט ער דאָך געהאָט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף אַלע יידישע קאָמפּאָניסטן, און אין משך פון אַ קורצער צייט, האָט זיך געשאַפן אַ גרויסע מוזיקאַלישע ליטעראַטור". ה. קאָן דערציילט ווייטער: „ווען פּרץ האָט געהערט מיינע ערשטע דריי קאָמפּאָזיציעס, וואָס איך האָב געשאַפן צו זיינע טעקסטן, האָט ער געזאָגט: די ערשטע צוויי פאַרשטיי איך נישט, די דריטע איז גוט, ווייל זי איז יידיש. די ערשטע צוויי זיינען אים נישט געפעלן געווארן, הגם פון הארמאַנישן און פיגוראַטיוון שטאַנדפּונקט זיינען זיי געווען רייכער; אָבער ווי ער האָט מיר שפּעטער געזאָגט, זיינען זיי געווען „אָביסל צו־

דייטשמעריש". און דאָס איז טאַקע געווען זיין עובדא: „אויסצעוואָרצלען די פרעמדע עלעמענטן דורך אַ דער־נעענטערונג צום אייגענעם קוואל" (ז' 10).

אָט זיינען די נעמען פון די מוזיקער, וועלכע האָבן געשריבן מוזיק צו פרץ־שאַפונגען: ד. אדלער, יוסף אכראָן, אַלבערט ביטער, משה ביק, א. מ. בערנשטיין, ה. בערלינסקי, סאַלאָמאָן גאָלוב, י. גלאַדשטיין, מיכל געלבארט, מאַקס העלפמאַן, לעאָ דרייצל, אהרן הירשין, ה. וואלאוויטש, חנא וואָלפסטאל, לאזאר וויינער, וואָלאַ־דימיר חפץ, לעאָ ליאָוו, ה. לעפקאָוויטש, שמואל לעווין, משה מילנער, א. ד. מאַרגאָליס, ל. מאלאמוט, מאָריס מאראמאאווסקי, עהרליך, יואל ענגעל, אהרן פערלמוטער, בערנאַרד פייער, ראובן קאָזאַקאָוו, יוסף קאמינסקי, הע־נעך קאָן, פּראָפ. י. קוטשינסקי, א. קליאָן, אַלעקסאַנדער קריין, י. ראָסקין, יוסף רומשינסקי, וו. ע. שטערנבערג, דוד שיינפעלד, יעקב שייפער, מ. שניאור.

אין „די גאָלדענע קייט" (תל־אביב, 1952, נ' 10) איז פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע אינטערעסאַנטע אָפּ־האַנדלונג פונעם מוזיקער יהויכין סטוטשעווסקי „פרץ אין דער מוזיק", וואו עס ווערט אויך געבראַכט אַ רשימה פון די מוזיקער און פון די לידער, צו וועלכע ס'זיינען פאַרפאַסט געוואָרן מעלאָדיעס. די רשימה איז אָבער ווייט נישט קיין פולע און אויסשעפּנדיקע.

פון די מוזיקער, וואָס האָבן פאַרפאַסט מוזיק צו מערערע פרץ־לידער געהערן: משה מילנער, וואָס האָט געשאַפן די וואָקאל־סיואיטע פון פרצעס צען־לידער („וויגליד", „קעצעלע שטיל", „אַ גוטע נאַכט", „דער פויגל", „דער שיפער", „ברייטעלע", „טאַנץ, מיידעלע", „דער יעגער", „באַל־שפּיל", „אויפן גרינעם בערגעלע"). זאָל דאָ באַזונדערס דערמאָנט ווערן יעקב שייפערס פאָ־פולערע מוזיק צו פרצעס „צוויי ברידער", וואָס ווערט געזונגען דורך די גרויסע פאָלקס־כאָרן פונעם מוזיק־פאַרבאַנד מיט גאָר גרויסן דערפאָלג.

מען דאַרף זיך באַזונדער אָפּשטעלן אויף דער מו־

זיק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן צו פּרצעס דראַמאַטישע ווערק, — די מוזיק, וואָס האָט זיך שטאַרק אויסגע־צייכנט ביי די פאַרשיידענע וויכטיקע פּרצישע אויפ־פירונגען. צו אייניקע פּרץ־דראַמעס האָבן פאַרפאַסט מוזיק עטלעכע באַוואוסטע קאָמפּאָזיטאָרן. צו פּרצעס „גאָלדענע קייט“ (אין ווין) האָבן קאָמפּאָנירט מוזיק אַ ווינער קאָמפּאָזיטאָר עהרליך (אַ סגי־נהור), פאַר מאָריס שוואַרצס אויפפירונג — אַרנאָלד פּערלמוטער, פאַר דער העברייאישער אויפפירונג אין קאָוונע — וו. ע. שטערנבערג. צו „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק“ — אַלעקסאַנדער קריין (פאַרן מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער), העניך קאָן, יוסף קאַמינסקי (פאַר דער „ווילנער טרופּע“), ס'איז אויך דאָ אַ קאָמפּאָנירונג פון קאַמינסקי־קלאָצמאַן (אַרגענטינע). צו „אין פּאָליש אויף דער קייט“ (אין אַרגענטינע) האָט געשריבן מוזיק ה. בערלינסקי. פאַר דעם פּרץ־אָוונט, וואָס איז געגאַנגען אין העברייאישן תל־אביבער „אוהל“ (אין וועלכן ס'זיינען געגעבן געוואָרן פּרצעס „מקובלים“, „נאָך דער קבורה“, „שמע ישראל“, „וואָס די לבנה דערציילט“) האָט פאַרפאַסט מוזיק — יואל ענגעל. צו פּרצעס „דריי מתנות“ האָבן געשריבן מוזיק חנא וואָלפסטאַל, מאַקס העלפמאַן, יוסף רומשינסקי (דער לעצטער צו דער באַ־אַרבעטונג פון מלך ראַוויטש און מאָריס שווארץ). ס'איז געשריבן מוזיק צו פּרצעס „צוויי ברידער“ (יעקב שייפער), „מאָניש“ (דוד שיינפעלד), „אויב נישט נאָך העכער“ (מאָריס מאַראַמאַווסקי); צו פּרצעס „וואָס אין פידעלע שטעקט“ (יוסף אכראָן), צו אייניקע פּרצעס ווערק און צו „גלגול פון אַ ניגון“ האָט וולאַדימיר חפץ פאַרפאַסט מוזיק, ליאָ ליאָוו און אַנדערע. מ'דאַרף צו די אַלע מוזיקער אויך צורעכענען ל. בעטהאָווען, וואָס פּרצעס „אַלע מענטשן זיינען ברידער“ ווערן געזונגען מיט בעטהאָווענס מוזיק פון זיין 9־טער סימפאָניע.

ס'איז אַ אינטערעסאַנטע טעמע פאַר אַ מוזיקער, ער זאָל זיך ספּעציעל פאַרנעמען מיט דעם, וואָס די מו־זיקער האָבן באַוויזן צו שאַפן פון די פּרץ־ווערק.

.21

## מוזיק צו ח. נ. ביאַליק, יהואש, א. רייזען, ז. ווײַנפּער

די גרעסטע צאָל לידער, וואָס צו זיי איז פאַרפאַסט געוואָרן מוזיק, געהערט צו חיים נחמן ביאַליק. ווי עס שרייבט מיר מ. אונגערפעלד (פאַרוואַלטער פונעם ביאַליק־מוזיי אין תל־אביב) איז דאָ אַן ערך 400 קאָמפּאָזיציעס צו ביאַליקס שירים. אין בית־ביאַליק זיינען פאַראַן 170 קאָמפּאָזיציעס. אָט איז די רשימה פון די מוזיקער: א. צ. אידעלסאָן (אויף 10 שירים), יואל ענגעל (5), שמואל אלמן (6), יצחק אדל (10), א. וו. בינדער, בן־דוד, בן־חיים (3), בר־יוסף (2), בן־יוסף, בר־זמרה (3), י. בראַנדמאַן (2), אביאסף בערנשטיין, ל. גלאַנץ (3), ח. גוטמאַן (3), ג. גראד (10), י. גאראכאוו, פ. גרינשפּאַן (5), דאַווידאוויטש, מ. דפנא, א. דובדובי, א. דיאמאנט, ש. האפמאַן, מ. הלוי, י. היידען, שרה לוי, י. וואלבע, יצחק לוי, ש. לעמפל, מאַהלער־קאלקשטיין (4), י. מילעט, א. מילסטון, נ. פ. מלמד, מ. מילנער, פּ. מינקאָווסקי, נאָוואקאָווסקי, ד. סאמבורסקי, מ. י. נאסימאוו, ש. פּאָסטאלסקי, מ. קרעמער, א. סיאטל, מ. פּיליפּזאָן, א. פראנק, א. פערלמוטער, ח. קריטשעווסקי, א. קריין, קאָנסטאנטינאָווסקי, צ. קאַפּלאַן, מ. ראַבינאָוויטש (5), מ. ראַפּאַפּאָרט, א. וו. שטערנבערג, נ. נארדי (25), מ. סתר־סטרומינסקי, א. אַנד. פון די 50 אויסגערעכנטע מוזיקער איז אַ טייל ווייניק באַקאַנט ביי אונדז.

לאָמיר דאָ אויך אויסרעכענען די לידער פון יהואש, צו וועלכע ס'איז געשריבן געוואָרן מוזיק (זע ב. וויטקעוויץ — „יהואש", ז' 377) : „חיבת ציון" (מוזיק פון הענרי לעפקאָוויטש), „אין די פעלדער פון בית־לחם" (ז. זילבערטס), „זומער־טרוים" (ברוך זשיסלין), „בלומען און דערנער" (נ. זאסלאווסקי), „די בין" (ישראל גלאַדשטיין), „אַ תפילה" (לעאָ ס. פערלאָ), „אַרויסגעפאַלן פון אַ בוך" (אהרן ראָזען), „מאַמעניו מיינע" (מ.

געלבאַרט), „כ׳האָב אַ חלום געזען״ (חיים קאַטעליאַנ־סקי), „שאָטנס״ (לאַזאַר ווײַנער), „עס רױשן די װעלדן״ (פּאול לעמקאָװ), „קום אַ פֿויגל צו דער שויב״ (ס. שרייבמאַן און פֿון ס. גאָלוב), „דער וואַלד אַזוי גרין״ (ח. קאַטעליאַנסקי), „אוי, קינדערלעך ליבע״ (וול. חפץ), „יאָגט דאָס רעדל״ (וול. חפץ), „גייט אַ װאַנדערער״ (וול. חפץ), „דער רעגן בלעזלט זיך״ (לאַזאַר ווײַנער), „נישט געשלאָפֿן, נאָר געוואַכט״ (נ. זאַסלאַווסקי, אויך — מיכל געלבאַרט), „דער פֿידלער״ (הערש וואָלאָוויטש), „דער זינגעמאַרינג״ (מ. פּאָזנער), „די באָבע״ (חיים ריטער־באַנד) און „בין השמשות״ (יעקב שייפער).

צו אברהם רייזענס לידער האָבן געשריבן מוזיק פֿיל יידישע מוזיקער. זלמן רייזען אין זיין „לעקסיקאָן״ (ווילנע, 1929) באַגנוגנט זיך בלויז מיט די פּאָר שורות: „אָן אַ שיער לידער רייזענס זיינען איבערגעלייגט אויף מוזיק און ווערן געזונגען, ווי „הוליעט, הוליעט״, „קירכנגלאָקן״, „מאי קא משמע לן״, „דער גמרא־נגיון״, „צו אַ ברודער״ און צענדליקער אַנדערע״ (ז׳ 362).

עס ליגט פאַר מיר אַ ביכל: „צען לידער״ פֿון אברהם רייזען, מוזיק פֿון ליפּא פֿיינגאָלד, דערשינען אין ברוקלין, נ״י, 1936 (די לידער זיינען: „ביימער״, „איך וויס אַ ניגון״, „די נאַאיווע״, „אַ געזינד זאַלבע אַכט״, „עס פֿוילט״, „אין וואַלד״, „איך האָב נאָך אין לעבן״, „איצט פאַרשטיי איך״, „ווילט זיך נאָך״, „די שטערן״).

אין דער „ביבליאָגראַפֿיע פֿון יעקב שייפערס קאָמ־פּאָזיציעס און אַראַנזשירונגען״ (די זאַמלונג „איך הער אַ קול״, ניו־יאָרק, 1952) האָבן מיר אויסגערעכנט קאָמ־פּאָזיציעס צו א. רייזענס 7 לידער: „דאָס נייע ליד״, „אָרעם לעבן״, „קירכנגלאָקן״, „מיר ברעכן די וואַנט״, „אָ, צי זיך, צי זיך״, „הוליעט, הוליעט״, „די לענא״.

אין דעם קאַטאַלאָג פֿון „מעטרא״ האָבן מיר נאָטן צו א. רייזענס לידער: „אין ארץ־ישראל״ (א. וו. בינ־דער), „הערבסט״ (פּ. טשאַיקאָווסקי), „דער קאַטערינ־טשיק״ (פּ. שובערט), „מיך ציט אַהין״ (פּאָזנער), „דער

שמעטערלינג און די בלום״ (ז. זילבערטס), „אַ תפילה״ (א. וו. בינדער), „דאָס צעבראָכענע הארץ״ (א. רובינ־שטיין), „פּאַרגעסן״ (א. אָפּעליא), „ווי אַ בלום״ (ז. זיל־בערטס), „זינג, נשמה, זינג״ (א. וו. בינדער), „דער זינג־פויגל״ (מ. גלינקא), „זי און דער טרוים״ (ז. זיל־בערטס), „דער נייער דאָרף״ (מיכל געלבארט).

אינעם פּראָגראַם פונעם אַרבעטער־רינג־כאָר (פון 4טן מאַי, 1952), דיריגענט לאזאר וויינער, האָבן מיר דריי רייזען־לידער: „מוטער צום קינד״ (פּאָזנער), „פון דאַנען און פון ווייט״ (לאזאר וויינער), „די וואַנט״ (ש. בוגאטש).

צו ז. ווײַנפּערס לידער האָבן פּאַרפּאַסט מוזיק: „דאָס געזאַנגל״ (פּנחס יאסינאָווסקי), „טויבן״ (סאָל. גאָלוב), „רו״ (ס. גאָלוב), „אברהמעלע טריסקער״ (יעקב ראַפּאָפּאָרט), „בישט אַלץ וואָס דאָ איז דאָ״ (י. ראַפּאָ־פּאָרט), „אַ פּאַסטוכל אַ טרוימער״ (י. ראַפּאָפּאָרט). פון דעם לעצטן ליד איז דאָ אַ ספּעציעלע אַראַנזשירונג פון־נעם מוזיקער — אַלעקסאַנדער אָלשאנעצקי (ווערט גע־זונגען דורך דזשאן פּיערס), „הללויה״ (נחום נארדי), „וואָלט געלעבט איצט ביאַליק״ (נ. נארדי), „איינס און איינס״ (נ. זאסלאַווסקי), „בישט איצט איז די צייט צו וואָקלען״ (ריפּינסקי), „אייביק פאַלק״ (לעאָ קאָפּף), „אַ יינגעלע״ (פּראָפ. לעמקאָוו), „ביראָבידזשאַן״ (בען יאָ־מין), „בערעלע בערולע״ (י. גלאַדשטיין).

פון אַ גרויסער צאָל דערמאָנטע לידער זיינען דאָ רעקאָרדס, אַ גרויסער טייל לידער זיינען פאַרעפנט־לעכט אין די לידער־זאַמלונגען (מיט נאָטן), ווי אויך אין באַזונדערע „נאָטן״־אויסגאַבעס.

די לעצטע עטלעכע יאָר זיינען דערשינען ספּע־ציעלע רעקאָרד־אַלבאָמען פון לידער, געזונגען פון באַ־וואוסטע אָפּערע־זינגער, ווי אויך פון באַוואוסטע חזנים. אַ רשימה פון די אַלע רעקאָרדס וואָלט באַדאַרפט צו־נויפגעשטעלט ווערן. די צאָל פון אָט די רעקאָרדס איז זייער גרויס, אַ טייל — זייער גראָטענע.

.22

## יעקב שייפער

אַ גאַר וויכטיקע און אינטערעסאַנטע מוזיקאַליש־שאַפערישע פּערזענלעכקייט איז געווען יעקב שייפער (1888־1936). ריכטיק זאָגט נ. בוכוואַלד אין זיין קורצער אָפּהאַנדלונג „די שייפער־טראַדיציע" (אָפּגעדרוקט אין דער ערשט־דערשינענער זאַמלונג „איך הער אַ קול", 22 געקליבענע לידער פון יעקב שייפער, ניו־יאָרק, 1952): „15 יאָר נאָך יעקב שייפערס טויט — ער איז געשטאָרבן דעם 1טן דעצעמבער, 1936 אין עלטער פון 48 יאָר — קאָן מען שוין רעדן וועגן דער שייפער־טראַדיציע אין יידישער כאָראַלער מוזיק. זיינע קאָמפּאָזיציעס, סיי די גרעסערע אָראַטאָריעס און קאַנטאַטעס און סיי די קלענערע לידער, זיינען איצט מער פאַרשפּרייט און איינגעפּעסטיקט אין דעם רעפּערטואַר פון יידישע כאָרן איבער דער גאָרער וועלט, ווי ביי זיין לעבן. כאָר־דיריגענטן האָבן שוין געהאַט צייט צו „אַנטדעקן" שייפערן און „צעקייען" דאָס ספּעציפישע און דאָס פאַרכאַפּנדיקע אין זיינע שאַפונגען. דאָס אייגענע קאָן געזאָגט ווערן וועגן די צוהערער פון שייפערס כאָראַלע ווערק" (ז' 8).

וועגן יעקב שייפער איז שוין פיל געשריבן געוואָרן. אויסער דער דערמאָנטער פולער אויסשעפּנדיקער מאָנאָגראַפיע פון י. ב. ביילין (1938, 352 ז"ז), זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן פיל אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען, אָפּשאַצונגען און זכרונות וועגן אָט דעם טיף־אָריגינעלן יידישן מוזיקער־קאָמפּאָזיטאָר. אין די עטלעכע און צוואַנציק יאָר פון זיין מוזיקאַלישן שאַפן האָט ער פאַרפאַסט (ביי גאַנץ־שווערע באַדינגונגען) די אָראַטאָריעס (מיר ברענגען די רשימה לויט דער זאַמלונג „איך הער אַ קול"): „מאַרטירער בלוט" (א. ליעסין), „בין השמשות" (יהואש), „צוועלף" (אַלעקסאַנדער בלאָק), „צווי ברידער" (י. ל. פּרץ), „משיח בן יוסף" (בייניש שטיימאַן), „אָקטאָבער" (נ. בוכוואַלד), „קיין איינציקן

שפּאַן" (פּרץ מאַרקיש), „געוויטער" (י. גרינשפּאַן), „בי־ראָבידזשאַן" (**פּרץ מאַרקיש**) ; די קאָנטאַטעס : „טרופּן גייען" (משה נאַדיר), „שטורעמפויגל" (מ. גאָרקי, יידיש מ. אָלגין). חוץ דעם האָט יעקב שייפער פאַרפאַסט און אַראַנזשירט מוזיק צו אַ 90 לידער פון עלטערע און יינגערע דיכטער (מ. ווינטשעווסקי, ד. עדעלשטאַט, י. באָווּשאָווער, מאָריס ראָזענפעלד, שלום עליכם, ש. אַנ־סקי, אברהם רייזען, פּרץ הירשביין, משה נאַדיר, מ. ל. האַלפּערן, איציק פעפער, פּרץ מאַרקיש, ל. מילער, מ. א. סול, י. א. ראָנטש און פיל אַנדערע).

„יעקב שייפער, — האָט געשריבן דער מוזיקער ישראל קאָרענמאַן צו י. שייפערס 10־טן יאָרצייט („יידישע קולטור", 1946, נ' 12) — איז געווען דער ערשטער יידיש־אַמעריקאַנער פּראָלעטאַרישער און יידיש־רעוואָלוציאָנערער קאָמפּאָזיטאָר אין אַמעריקע. ער האָט געשטעלט פאַר זיך די אויפגאַבע ניט נאָר צו שאַפן מוזיק אויף רעוואָלוציאָנערע טעמעס און פּאָלי־טישע געשעענישן . . . ער האָט געשטעלט פאַר זיך די אויפגאַבע צו רעוואָלוציאָניזירן די פאָרם און דעם סטיל פונעם מוזיקאַלישן שאַפן" . . .

אָפּשטעלנדיק זיך אויספירלעכער אויף זיינע פאַר־שיידענע אָראַטאָריעס, שרייבט ישראל קאָרענמאַן, אַז „שייפער האָט געזוכט אינגאַנצן צו באַפרייען זיך פון פרעמדע איינפלוסן. ער האָט געפילט, אַז ער מוז און ער האָט וואָס צו זאָגן אין דער מוזיק. אָבער זאָגן דאַרף ער עס קרעפטיק, זאַכלעך, שטאַנדהאַפטיק און, כאָטש חריפותדיק, זאָל עס אויך זיין קלאָר, דייטלעך, פשוט, האַרציק" . . . (ז' 28).

נ. בוכוואַלד, אין דער דערמאָנטער אָפּהאַנדלונג, באַטאָנט שייפערס „פאַרוואָרצלטקייט אין דער רעוואָ־לוציאָנערער, בונטאַרישער טראַדיציע פונעם יידישן פאָלקס־ליד און פון די ווערק פון קלאַסישע און מאָ־דערנע יידישע דיכטער, וואו עס קלינגט אָפּ דער בונ־טאַרישער, קעמפערישער מאָטיוו" און אַ „צווייטער גרונט־שטריך — זיין פאַרוואָרצלטקייט אין דער פאָלקי־

שער מוזיק־טראַדיציע״ . . . „צי דאָס זיינען ליטורגישע מאָטיוון, חסידישע ניגונים, אָדער פאָלקס־מעלאָדיעס״...

יעקב שייפער האָט סטימולירט און אינספּירירט אַ ריי עלטערע און יינגערע יידישע קאָמפּאָזיטאָרן, מוזיקער, דיריגענטן אין אַמעריקע. אין אַ רעפעראַט, געהאַלטן אויפן מוזיק־פּאַנעל ביים איקוף־צוזאַמענפאָר (ניו־יאָרק, דעם 28־טן יאַנואַר, 1950), האָט י. קאָרענמאַן, דער דעמאָלסדיקער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון מוזיק־פאַרבאַנד, דערמאָנט די פאָלגנדיקע יידישע קאָמפּאָזיטאָרן אין אַמעריקע: „ליאָ ליאָוו, וולאַדימיר חפץ, מאַקס העלפמאַן, לאזאר וויינער, פּנחס יאסינאָווסקי, ד״ר יעקב וויינבערג, משה ראוך, בייטן סאמאראָוו, לעאָ קאָפּף, א. וו. בינדער, קופּערסמידט און אַ צאָל אַנדערע, וועלכע שאַפן אומדערמידלעך יידישע קאָמפּאָזיציעס, אַראַנזשירן און באַאַרבעטן יידישע פאָלקס־לידער און שאַפן נייע ווערק אויף יידישער טעמאַטיק״ („יידישע קולטור״, יוני 1950, ז׳ 48).

און ווי פאַרדראָסיק ס׳איז, וואָס די ברייטע יידישע מוזיקאַלישע וועלט ווייסט וויניק פון שייפערס וואונדערלעכע שאַפונגען און זעלטן זינגט מען זיינע זאַכן ביי אַנדערע כאָרן. אַזוי ענגהאַרציק איז מען צו אייגעם פון די גלענצענדיקסטע יידישע מוזיקער!

מיר שיקן אָפּ די, וואָס אינטערעסירן זיך מער און ברייטער אין שייפערס שאַפן צו י. ב. ביילינס בוך — „יעקב שיפער, זיין לעבן און שאַפן״ (מאָנאָגראַפיע אין 2 טייל, מיט 10 בילדער), אַרויסגעגעבן פון יידישן מוזיקאַלישן אַרבעטער־פאַרבאַנד, ניו־יאָרק 1938, 352 ז״ז.

דאָס בוך, אויסער די פולע, אויסשעפּנדיקע לעבנסאון שאַפונגס־געשיכטע פון יעקב שייפער, וואָס איז דורך י. ב. ביילין אַזוי זאָרגפעליק און פלייסיק געזאַמלט און געשריבן געוואָרן, פאַרמאָגט אויך פיל מאַטעריאַל, וואָס באַלויכט דעם שווערן שאַפערישן גאַנג פון דעם פּראָגרעסיוון יידישן מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר. ס׳איז אויך געבראַכט אַ רשימה פון אַראַנזשירטע

און האַרמאָניזירטע, דורך יעקב שיפערן, לידער, און אַ רשימה פון די מוזיק־אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען גע־ווען אונטער יעקב שיפערס השפעה.

.23

## רשימה פון לידער־זאַמלונגען און יידישע ביכער איבער מוזיק און מוזיקער *

די צאָל פון די דערשינענע לידער־זאַמלונגען איז זייער גרויס. ס'איז אַ וויכטיקע אויפגאַבע צונויפצו־שטעלן אַ גענויע ביבליאָגראַפיע פון די פאַרשיידענע לידער־זאַמלונגען, אַלבאָמען מיט נאָטן, ווי אויך פון ביכער וועגן יידישער מוזיק און יידישע מוזיקער.

מיר וועלן דאָ ברענגען אַ ווייט נישט פולע רשימה פון די פאַרעפנטלעכטע לידער־זאַמלונגען. אויסער די פאַרשיידענע לידער־זאַמלונגען, וואָס זיינען דערמאָנט אין ביכל, באַדאַרף מען אויסרעכענען פאָלגנדיקע זאַמ־לונגען און ביכער:

יידישע פאָלקס־לידער פון שאול גינסבורג און פ. ס. מארעק (1901).

ז. קיסעלגאָף — „לידער־זאַמלבוך פאַר דער יידי־שער שול און פאַמיליע" (1912, צווייטע אויפלאַגע — 1913, נייע פאַרגרעסערטע אויפלאַגע — 1923).

י. ל. כהן — „יידישע פאָלקסלידער מיט מעלאָדיען" (ניו־יאָרק, 1912).

מנחם קיפּניס (1878 — אומגעקומען אין דער וואַר־שעווער געטאָ) — „60 יידישע פאָלקס־לידער — מיט נאָטן", וואַרשע 1918, וואַרשע 1925. פאַרשפּרייט גע־וואָרן אין טויזנטער עקז. אין 1949 איבערגעדרוקט גע־וואָרן דורכן „צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן" אין אַרגענטינע אונטערן נאָמען „הונדערט פאָלקס־לי־דער". אין 1912 איז אין וואַרשע דערשינען מ. קיפּניס' אַ בוך „באַרימטע יידישע מוזיקער".

---

* אַ דאַנק דעם ח' שלום קרישטאלקא (מאָנטרעאָל), וואָס האָט מיר צוגעשיקט אַ טייל מאַטעריאַל פאַר דער רשימה.

בולקין — זאַמלבוך פון קינדער־לידער. צוזאַמענ־געשטעלט פון בולקין און עפּראָן, ווילנע, 1917.

ה. לעפּקאָוויטש — פאַרלאַג ה. לעפּקאָוויטש. ייִדישע און העברייאישע לידער. ניו־יאָרק, 1917.

פאָלקס־לידער, פאַרלאַג „לירא״, וואַרשע, 1917.

י. גלאַדשטיין — פרייהייטס לידער, פאַרלאַג „לירא״, וואַרשע, 1919.

געזאַנג און שפּיל — פון י. קאַצענעלסאָן, מוזיק פון י. גלאַדשטיין. „האור״, וואַרשע, 1920.

שמואל לעהמאַן — „אַרבייט און פרייהייט״ (זאַמלונג פון לידער, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין פאָלק אין דער צייט פון דער „פרייהייט־באַוועגונג״ אין צאַרישן רוסלאַנד, וואַרשע, 1921).

שמואל לעהמאַן — „גנבים־לידער״ (וואַרשע, 1928).

י. ענגעל — פּופּציק קינדער־לידער. פאַרלאַג „יובל״. בערלין, 1923.

לידער־בוך פון אַקאַדעמישן פאַראיין אין דאָרפּאַט. 1924.

י. פּ. קאַץ — באַזונדערע אויסגאַבן פון י. פּ. קאַץ און „מעטראָ״ פאַרלאַג, ניו־יאָרק.

מיכל געלבאַרט — לאָמיר קינדער זינגען. אַרויס־געגעבן פון אַרבעטער־רינג. ניו־יאָרק, 1925.

נ. באַיאַרסקי — קלינגען העמערלעך, מלוכה פאַר־לאַג, מאָסקווע, 1925.

„אונדזער געזאַנג״, לידער־זאַמלונג פאַר דער ייִדי־שער שול, אַרויסגעגעבן פון די ייִדישע פאָלקס־שולן, מאָנטרעאָל, 1929 (אָן נאָטן), 114 זייטן. פינף אָפּטייי־לונגען, ייִדישע און העברייאישע לידער. 109 ייִדישע, 57 העברייאישע לידער.

„ייִדישע לידער״, געוויילטע ייִדישע לידער פון ס. גאלוב. פאַרלאַג „מעטראָ״, ניו־יאָרק, 1928.

פּנחס יאסינאָווסקי — פאַרשיידנאַרטיקע מוזיקאַ־לישע קאָמפּאָזיציעס אויף ביבלישע טעמעס, לירישע געזאַנגען, פאָלקס־לידער, סינאַגאָגאַלע זאַכן. מוזיקאַ־

לישע שאַפונגען פאַר אינסטרומענטן, פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן. אויך אַ בוך „סימפאָנישע געזאַנגען" (לידער, מוזיק און פּאָעמען), אַרויס אין ניו־יאָרק אין 1936, וואו ס'זיינען דאָ צוויי „סימפאָנישע פּאָעמעס" אויף בעטהאָווענס דריטער און פינפטער סימפאָניעס.

מ. בערעגאָווסקי — „יעווריעיסקי מוזיקאַלני פאָלקלאָר" (אין רוסיש, מאָסקווע, 1934).

מ. בערעגאָווסקי און איציק פעפער — יידישע פאָלקס־לידער .מיט נאָטן (קיעוו, 1938, 531 ז"ז) נעמט אַריין 244 לידער מיט מעלאָדיעס: בויט, אַרבעט און קאַמף — 47 לידער; רעקרוטשינע־פרייזיון — 17; ליבע־לידער — 68; אויף חתונות און שמחות — 10; פאַמיליען־שטייגער — 15, וויג־לידער — 14, קינדער־לידער — 19, הומאָר און סאַטירע — 14, פאַרשיידענע — 20, סאָוועטישע פאָלקס־לידער — 20. צום סוף קומען נאָטן — „ניגונים און טענץ.

אַלבערט ביטער, צוזאַמענגעשטעלט — „זינג אַ ליד", — 60 אַרבעטער און פאָלקס־לידער (מיט נאָטן), ניו־יאָרק, 1940.

מיכל געלבאַרט — „פון משוררים לעבן" (ניו־יאָרק, 1942), וואו אויסער זיין אויטאָביאָגראַפיע, זייַנען דאָ אָפּהאַנדלונגען: „געשיכטע דורכן פאָלקס־ליד" (פאָלקס־לידער, ליבע ביי יידן, מוזיק און דערציאונג, רעליגיעזע און חסידישע ניגונים), „קינדער־יאָרן פון גרויסע מוזיקער" און „פון אַ מוזיקערס נאָטיץ־בוך" (דיריגענטן, כאָרן־דיריגענטן, געזאַנג פאַר קינדער, מחברים פון פאָלקס־לידער).

פאָלקס־געזאַנגען, לויטן נוסח פון חיים קאָטעליאַנסקי. זאַמלונג פון חסידישע לידער און ניגונים, יידיש־אוקראַינישע פאָלקס־לידער און שטייגער־לידער, מיט הקדמות, אַריינפירן, דערקלערונגען אין יידיש און ענגליש. דער אַלבאָם באַשטייט פון דריי טיילן: 1) חסידישע לידער און ניגונים, 2) יידיש־אוקראַינישע לידער, 3) שטייגער־לידער. איקוף, ניו־יאָרק, 1944, 152 ז"ז.

מיכל געלבאַרט — „לאָמיר זינגען". לידער פאַר היים, שול, יום־טובים א. אַז. וו. צווייטע פאַרגרע־סערטע אויפלאַגע, צוזאַמענגעשטעלט פון בילדונגס דע־פּאַרטמענט פון אַרבעטער־רינג 1938־39, ניו־יאָרק. סאָ־ציאַלע לידער — 17, פאָלקס־לידער — 36, פון פרעמדן קוואַל — 4, פאָלקסטימלעכע לידער — 26, קינדער־לידער — 15, יום־טוב־לידער — 6, חסידישע ניגונים — 8, 112 לידער.

יוסף רומשינסקי — קלאַנגען פון מיין לעבן, אַרויס־געגעבן דורך דער סאָסייעטי פון יידישע קאָמפּאָזיטאָרן, ניו־יאָרק, 1944, 832 ז"ז.

אינעם בוך זיינען פאַנאַנדערגעוואָרפן מאַטעריאַלן וועגן מוזיק און יידישע מוזיק, ווי אויך סצענעס און עפּיזאָדן פונעם לעבן און שאַפן פון יידישע מוזיקער און באַזונדערס וועגן די יידישע פאַרפאַסער פון מוזיק פאַר יידישן טעאַטער. אינעם אַרטיקל „קאָמפּאָזיטאָרן אין יידישן טעאַטער" (ז"ז 809־823) האָבן מיר נאָטיצן וועגן אברהם גאָלדפאַדן, מיכאל פינקלשטיין און אַרנאָלד פּערלמוטער, זיגמונד מאגולעסקא און מאקס אווראמאָ־וויטש, לואיס פרידזעל, אַרנאָלד פּערלמוטער און הער־מאַן וואהל, יאָזעף ברודי, שלום סעקונדא, פּרץ סאַנדלער, אל. אָלשאנעצקי, אב. עלשטיין, איליא טרילינג, פילים לאסקאָווסקי, יאשא קרייצבערג, הענרי לעפקאָוויטש.

ה. גוראלניק און פּ. פאדאליאק, צוזאַמענגעשטעלט — „דאָס פאָלק זינגט". זאַמלונג פון יידישע פאָלקס־לידער. טאָראָנטאָ, 1946, 43 לידער. אַרויסגעגעבן פון נאַצ. קולטור־קאָמיטעט ביים יידישן פאָלקס־אָרדן.

„דורות זינגען", צונויפגעשטעלט פון שמואל בוגאטש (ניו־יאָרק, 1951), וואָס נעמט אַריין: ישראל־לידער — 61; פאָלקס־לידער און פאָלקס־טימלעכע לידער — 39; טראַדיציאָנעלע, חסידישע לידער און ניגונים — 24; קינדער־לידער — 19; שבת־לידער — 18; יום־טוב־לידער — 61; הימנען — 5.

(ס ו ף)